# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

Ea 85/181

7

מינסק — 1935

„די רויטע ארמיי איז אויסגעבויט געוואָרנ דורכ אונדזער פארטיי. נאָר זי, די פארטיי, אונ דער ארבעטער-קלאס, וועלכער איז געגאנגענ אומאָפּנויגלעכ נאָכ דער פארטיי, האָבנ געקענט אומגעשראָקנ נעמענ זיכ פאר דערדאָזיקער קאָמפּליצירטער אופגאבע. נאָר א דאנק די אָנגעשטרענגטע קויכעס פונ דער גאנצער פארטיי אונטער דער אומיטלבארער אָנפירונג פונ לענינענ — דעמדאָזיקנ גיגאנט פונ ווילנ אונ אײַנגעשפּארטקײַט, נאָר אדאנק דער אָפּפערוויליקער ארבעט פונ אזעלכע אָרגאניזאטערנ ווי סטאלינ, וועלכער איז פאר א קורצנ טערמינ געוואָרנ ווירקלעכ אונדזער באָלשעוויסטישער מיליטערישער ספּעציאַליסט, האָט זיכ אונדז אײַנגעגעבנ אָרגאניזירנ די רויטע ארמיי אונ זיגנ אפ די פילצאָליקע פראָנטנ״.

ק. וואָראָשילאָוו.

אי. סטאלינ

# דער נײַער מארש פונ דער אנטאנטע אפ רוסלאנד

(דערדאָזיקער ארטיקל איז געווענ געדרוקט אינ „פראוודא“ דעמ 26־טנ מײַ 1920 י.)

עס קאָנ דערבײַ קײנשומ צווײפל ניט זײַנ, אז דער מארש פונעמ פריצישנ פוילנ קעגנ דער ארבעטער־פויערישער רוסלאנד איז אינ טאָכ א מארש פונ דער אנטאנטע. עס גײט ניט בלויז אינ דעמ, וואָס די פעלקער־ליגע, וועמעס אָנפירער עס איז די אנטאנטע אונ וואָס פוילנ איז אירער א מיטגליד, האָט, ווײַזט אויס, באגײסטערט דעמ מארש פונ פוילנ אפ רוסלאנד. עס גײט פריִער פאר אלצ, אינ דעמ, וואָס אָנ דער שטיצע פונ אנטאנטע וואָלט פוילנ ניט געקאָנט אָרגאניזירנ איר אָנפאל אפ רוסלאנד, וואָס פריִער פאר אלצ פראנקרײַכ אונ נאָכדעמ אויכ ענגלאנד מיט אמעריקע שטיצנ מיט אלע אויפאנימ פוילנס אָנגריפ: מיט געווער, קלײדונג, געלט, אינסטרוקטאָרנ: די מײנונג־פארשײדנהײַטנ אינערלעכ אינ דער אנטאנטע איבער דער פוילישער פראגע ענדערנ ניט די זאכ, ווײַל זײ באריִרנ נאָר די פאָרמענ פונ שטיצנ פוילנ אונ ניט די שטיצע גופע. עס ענדערנ אויכ ניט די זאכ די דיפּלאָמאטישע קאָרעספאָדענצ צווישנ קערזאָנענ מיטנ כ׳ טשיטשערינ אונ די פויקנדיקע ארטיקלענ פונ דער ענגלישער פרעסע קעגנ דער אינטערווענצ, ווײַל אָטאָ דער גאנצער טומל האָט נאָר אײנ צוועק: שיטנ זאמד אינ די אויגנ די נאַיִווע פאָליטיקער אונ מיט א פראזע וועגנ שאָלעמ מיט רוסלאנד פארמאסקירנ די שווארצע ארבעט פונ דער ווירקלעכער אינטערווענצ, וואָס די אנטאנטע האָט אָרגאניזירט.

## 1. די אלגעמײנע סיטואציע

דער איצטיקער מארש פונ דער אנטאנטע איז דער דריטער לויט דער צאָל.

**דער ערשטער מארש** איז אונטערגענומענ געוואָרנ אינ פרילינג 1919 י. דערדאָזיקער מארש איז געווענ א קאָמבינירטער, ווײַל ער האָט פאָרויסגעזענ א געמײנזאמענ אָנפאל פונ קאָלטשאקנ, דעניקינענ, פוילנ, יודעניטשנ אונ פונ די געמישטע ענגליש־רוסישע אָטריאדנ אינ טורקעסטאנ אונ אינ ארכאנגעלסק, דערבײַ איז דער שווער־פונקט פונ דעמ מארש געלעגנ אינעמ ראיאָנ פונ קאָלטשאקנ.

אינ דעמדאָזיקנ פעריִאָד שטייט די אנטאנטע, אנ אייניקע אונ באהעפטע, אפנ שטאנדפונקט פונ אָפענער אינטערווענצ: די שוואכקײַט פונ דער ארבעטער־באוועגונג אינ מײַרעוו, די צאָלפולע פײַנט פונ סאָוועטנ־רוסלאנד אונ די פולע זיכערקײַט אינעמ ניצאָכנ איבער רוסלאנד האָבנ דערלויבט די רעדל־פירער פונ דער אנטאנטע צו פראקטיקירנ די פרעכע פאָליטיק פונ א ניט פארמאסקירטער אינטערווענצ.

אינ דעמדאָזיקנ פעריִאָד האָט רוסלאנד איבערגעלעבט א קריטישע מינוט, ווײַל זײַענדיק אָפגעשניטנ פונ די ברויט־ראיאָנענ (סיביר, אוקראִינע, צאָפנ־קאווקאז) אונ פונ הייצווארג (דאָנער באסײנ, גראָזני, באקו), איז רוסלאנד געווענ געצווּונגענ צו קעמפנ אפ זעקס פראָנטנ. די אנטאנטע זעט דאָס, אונ איר כאָלעמט זיכ שוינ א ניצאָכנ. דער „טײַמס“ פויקט שוינ אינ די טאצנ.

פונדעסטוועגנ איז רוסלאנד דורכגעגאנגענ דעמדאָזיקנ קריזיס בעשאָלעמ, אונ דער סאמער שטארקער סוינע קאָלטשאק, איז באזײַטיקט געוואָרנ. די זאכ דערפונ איז דאָס, וואָס רוסלאנדס טיל אונ, דאָס הייסט, אויכ רוסלאנדס ארמיי, האָט זיכ ארויסגעוויזנ שטאנדהאפטיקער אונ בויגיקער, איידער דער טיל אונ די ארמייענ פונ אירע קעגנער.

**דער צווייטער מארש** פונ דער אנטאנטע איז אונטערגענומענ געוואָרנ אינ הארבסט 1919 י. דערדאָזיקער מארש איז אויכ געווענ א קאָמבינירטער, ווײַל ער האָט פאָרויסגעזענ א געמיינזאמענ אָנפאל פונ דעניקינענ, פונ פוילנ, פונ יודעניטשנ (קאָלטשאק איז אראָפ פונ כעושבנ). דער שווערפונקט פונ דעמ מארש ליגט דאָסמאָל אינ דאָרעמ, אינ ראיאָנ פונ דעניקינענ.

אינ דעמדאָזיקנ פעריִאָד הייבט די אנטאנטע אָנ צומ ערשטנ מאָל איבערלעבנ אינערלעכע מיינונג־פארשיידנהײַטנ, זי הייבט אָנ צומ ערשטנ מאָל מעסיקער מאכנ איר פרעכנ טאָנ, זי פרוּווט ארויסזאָגנ זיכ קעגנ דער אָפענער אינטערווענצ, זי פראָקלאמירט, אז עס איז דערלאָזבאר צו פירנ אונטערהאנדלונגענ מיט רוסלאנד, זי טרעט צו צומ אוועקפירנ איר מיליטער פונ צאָפנ: דער שנעלער וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג אינ מײַרעוו אונ קאָלטשאקס מאפאָלע האָבנ, אפאָנעמ, פאר דער אנטאנטע געמאכט ניט געפערלאָז די פריִערדיקע פאָליטיק פונ אָפענער אינטערווענצ, די אנטאנטע וואגט שוינ ניט ריידנ אָפנ וועגנ א ניט פארמאסקירטער אינטערווענצ.

רוסלאנד לעבט ווידער איבער אינ דעמדאָזיקנ פעריִאָד א קריטישע מינוט, ניט געקוקט אפ דעמ ניצאָכנ איבער קאָלטשאקנ אונ אפ דעמ, וואָס מע האָט באקומענ צוריק איינעמ פונ די ברויטרײַכע ראיאָנענ (סיביר), ווײַל דער הויפט־סוינע, דעניקינ, שטייט בא די טויערנ פונ טולע, דעמ הויפט־קוואל פונ באזאָרגנ אונדזער ארמיי מיט פאטראָנעס, מיט ביקסנ, מיט קוילנווארפער.

פונדעסטוועגנ גייט רוסלאנד ווידער ארויס פונ קריזיס אומגעשעדיקט. די סיבע איז די זעלבע. די גרויסע שטאנדהאפטיקײַט אונ די גרויסע בויגעוודיקײַט פונ אונדזער טיל, אונ בעמיילע, אויכ פונ אונדזער ארמיי.

**דער דריטער מארש** פונ דער אנטאנטע הייבט זיכ אָנ בא א גאָר א נײַער סיטואציע. אָנגעהויבנ פונ דעמ, וואָס, צומ אונטערשייד פונ די פריִערדיקע מארשנ, קאָנ אָט אָ דער מארש ניט אָנגערופנ ווערנ קאָמבינירטער, ווײַל עס זײַנענ ניט נאָר אָפגעפאלנ די אלטע פארבינדעטע (קאָלטשאק, דעניקינ, יודעניטש), נאָר אויכ די נײַע פארבינדעטע (אויב אזוינע זײַנענ פאראנ) זײַנענ נאָכ ניט צוגעשטאנענ, אויב מע זאָל ניט רעכענענ דעמ לעכערלעכנ פעטליורענ מיט „זײַנע“ לעכערלעכע „ארמייענ“. פוילנ שטייט קעגנ רוסלאנד דערווײַל אליינ, אָנ ערנסטע קאמפ־פארבינדעטע.

ווײַטער, די באַרימטע בלאָקאַדע איז דורכגעריסנ ניט נאָר מאָראַליש אונ פראַקטיש, נאָר אויכ פאָרמעל. די אנטאנטע איז געצוווּנגענ צו שאָלעמ מאכנ מיט דער נייטיקײַט פונ דיפלאָמאטישע באציִונגענ מיט רוסלאנד אונ דולדנ רוסלאנדס דיפלאָמאטישע פאָרשטייער אינ מײַרעוו. די מאסנהאפטע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ די מעלוכעס פונ אייראָפע, וואָס פארייגענענ די לאָזונגענ פונ 3־טנ אינטערנאציאָנאל, אונ די נײַע דערפאָלגנ פונ די סאָוועטישע ארמייענ אינ מיזרעכ פארשטארקנ די שפאלטונג אינערלעכ אינ דער אנטאנטע, זיי הייבנ אופ רוסלאנדס פרעסטיזש אינ די נייטראלע אונ אינ די ראנדלענדישע מעלוכעס; זיי מאכנ די אנטאנטישע פאָליטיק פונ איזאָלירנ רוסלאנד פאר אנ אוטאָפישער. עסטלאנד, פוילנס „אייגנ געבאָרענער" פארבינדעטער, איז נייטראליזירט, לעטלאנד אונ ליטע, פוילנס נעכטיקע קאמפ־פארבינדעטע, פירנ הײַנט מיט רוסלאנד שאָלעמ־אונטערהאנדלונגענ. דאָס אייגענע קאָנ מענ זאָגנ וועגנ פינלאנד.

צולעצט, די אינערלעכע לאגע פונ רוסלאנד צומ מאָמענט פונעמ דריטנ מארש פונ דער אנטאנטע דארפ מענ האלטנ פאר ראדיקאל געענדערט צומ גוטנ. רוסלאנד האָט ניט נאָר געעפנט דעמ וועג צו די ברויט־אונ הייצווארג־ראיאָנענ, (סיביר, אוקראַיִנע, צאָפנ־קאווקאז, דאָנער באסיינ. גראָזני, באקו), נאָר רוסלאנד האָט אויכ פארקירצט די צאָל פראָנטנ פונ זעקס ביז צוויי, אונ האָט דורכ דעמ גופע באקומענ די מעגלעכקײַט צו קאָנצענטרירנ דאָס מיליטער אפנ מײַרעוו.

צו דעמ וואָס איז געזאָגט געוואָרנ דארפ מענ צוגעבנ דעמ פאקט פונ גרויסער וויכטיקײַט, וואָס פוילנ איז דער אָנפאלנדיקער צאד, וואָס האָט אָפגעוואָרפנ רוסלאנדס שאָלעמ־פאָרשלאגנ אונ רוסלאנד איז דער צאד וואָס פארטיידיקט זיכ, דאָס שאפט א קאָלאָסאלנ אומאָפשאצלעכנ מאָראלישנ פליוס אפ רוסלאנדס צאד.

אָט די אלע אומשטענדנ שאפנ א נײַע סיטואציע, נײַע שאנסנ פארנ זיג פונ רוסלאנד, וואָס זיי זײַנענ ניט געווענ אינ די פאָריקע פעריאָדנ פונ דער אנטאנטעס ערשטנ אונ צווייטנ מארש אפ רוסלאנד.

דערמיט, הויפטזעכלעכ, דארפ מענ אויכ דערקלערנ דעמ מעלאנכאָליש סקעפטישנ טאָנ פונ דער אימפעריאליסטישער פרעסע אינ מײַרעוו באמ אָפשאצנ די דערפאָלגנ פונ דעמ פוילישנ מיליטער.

## 2. דער טיל, דער ראיאָנ פונעמ קלאפ

קיינ איינ ארמיי אינ דער וועלט קאָנ ניט זיגנ (עס האנדלט זיכ, נאטירלעכ, וועגנ א דויערהאפטנ אונ פעסטנ זיג) אָנ א שטאנדהאפטיקנ טיל. דער טיל איז פארנ פראָנט די ערשטע זאכ, ווײַל ער, אונ נאָר ער, נערט דעמ פראָנט ניט בלויז מיט אלע מינימ דערנערונג, נאָר אויכ מיט מענטשנ—קריגער, מיט שטימונגענ אונ אידייענ. א ניט שטאנדהאפטיקער אונ נאָכמער פײַנטלעכער טיל פארוואנדלט אומבאדינגט אינ א ניט שטאנדהאפטיקער אונ צעקראָכענער מאסע די סאמע בעסטע, די סאמע צעמענטירטע ארמיי. קאָלטשאקס אונ דעניקינס שוואכקײַט האָט זיכ געלאָזט דערקלערנ דערמיט, וואָס זיי האָבנ ניט געהאט קיינ „אייגענעמ" טיל, וואָס זיי, זײַנענדיק דורכגעדרונגענ מיט עכטרוסישע, גרויסהערשערישע שטרעבונגענ, זײַנענ זיי געווענ געצוווּנגענ צו בויענ דעמ פראָנט, באזאָרגנ אונ קאָמפלעקטירנ אימ מיט א היפשער מאָס אפנ כעזשבנ פונ די ניט־רוסישע עלעמענטנ, וואָס זײַנענ פײַנטלעכ צו אזוינע שטרעבונגענ, זיי זײַנענ געווענ געצוווּנגענ צו אָפערירנ אינ ראיאָנענ, וועלכע זײַנענ בעפיירעש פרעמד פאר זייער מיליטער. נאטירלעכ, אז דאָס מיליטער, וואָס פארמאָגט

ניט קיינ אינערלעכע נאציִאָנאלע און ביפראט נאָכ קלאסעווע צעמענטירונגענ, ארומגערינגלט מיט א פײַנטלעכער אטמאָספער, פלעגט זיכ צעפאלנ באמ ערשטנ שטארקנ קלאפ מיצאד דעמ סאָוועטישנ מיליטער.

דער טיל פונעמ פוילישנ מיליטער אונטערשיידט זיכ אינ דעמ פראט היפש פונ קאָלטשאקס און דעניקינס טיל מער לעטויוועס פוילנ. צומ אונטערשייד פונ קאָלטשאקס און דעניקינס טיל איז דער טיל פונעמ פוילישנ מיליטער איינארטיק און נאציִאָנאל צונויפגעשמאָלצנ. דערפונ שטאמט זײַנ איינהײַטלעכקײַט און שטאנדהאפטיקײַט. זײַנ דאָמינירנדיקע שטימונג—דאָס „פאָטערלאנד געפיל"—ווערט איבערגעגעבנ דורכ צאָלרײַכע פעדימ דעמ פוילישנ פראָנט, שאפנדיק אינ די מיליטער־טיילנ א נאציִאָנאלע צונויפשמעלצונג און פעסטקײַט. דערפונ שטאמט די שטאנדהאפטיקײַט פונעמ פוילישנ מיליטער. געוויס, איז פוילנס טיל ניט איינארטיק (און עס קאָנ ניט זײַנ איינארטיק!) אינ קלאסעווער הינזיכט, אָבער די קלאסנ־קאָנפליקטנ האָבנ נאָכ ניט דערגרייכט צו אזא קראפט, אז זיי זאָלנ דורכרײַסנ דעמ געפיל פונ נאציִאָנאלער איינהײַטלעכקײַט און זאָלנ אָנשטעקנ מיט ווידערשפרוכנ דעמ פראָנט, וואָס איז פארשיידנארטיק אינ קלאסעווער הינזיכט. ווענ דאָס פוילישע מיליטער וואָלט אָפערירנ אינ ראיאָנ פונ אייגנטלעכנ פוילנ, וואָלט אָנ סאָפעק שווער געווענ צו קעמפנ קעגנ זיי.

אָבער פוילנ וויל זיכ ניט באגרענעצנ מיט איר אייגענעמ ראיאָנ, פוילנ רוקט דאָס מיליטער ווײַטער, אײַנעמענדיק ליטע און ווײַסרוסלאנד, ארײַנדרינגענדיק אינ טיפ רוסלאנד און אוקראיִנע, אָט דער אומשטאנד ענדערט ראדיקאל די לאגע זייער אומגינסטיק פאר דער שטאנדהאפטיקײַט פונעמ פוילישנ מיליטער.

ארויסרוקנדיק זיכ אויסער די גרענעצנ פונ פוילנ, און ארײַנדרינגענדיק טיפ אינ די ראיאָנענ, וואָס ליגנ ארומ פוילנ, דערווײַטערט זיכ דאָס פוילישע מיליטער פונ זײַנ נאציִאָנאלנ טיל, דאָס שוואכט אָפ די פארבינדונג מיט אימ, און פאלט ארײַנ אינ א נאציִאָנאלער סוויווע, וואָס איז אימ פרעמד און מערסטנטייל פײַנטלעכ. נאָכ ערגער, די פײַנטלעכקײַט ווערט נאָכ פארגרעסערט צוליב דער סיטואציע, וואָס די קאָלאָסאלע מערהײַט פונ דער באפעלקערונג פונ די ראיאָנענ, וואָס ליגנ ארומ פוילנ (ווײַסרוסלאנד, ליטע, רוסלאנד, אוקראיִנע) באשטייט פונ ניט פוילישע פויערימ, וואָס לײַדנ דעמ דרוק פונ פוילישע פריצימ, וואָס אָט די פויערימ באטראכטנ דעמ אָנגריפ פונ די פוילישע מיליטער־טיילנ אלס א מילכאָמע פאר דער מאכט פונ די פוילישע פריצימ, אלס א מילכאָמע קעגנ די אונטערדריקטע ניטפוילישע פויערימ. דערמיט, אייגנטלעכ, לאָזט זיכ דערקלערנ, וואָס דער לאָזונג פונ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ „אראָפ די פוילישע פריצימ"! געפינט א מעכטיקנ אָפקלאנג צווישנ דער מערהײַט באפעלקערונג פונ די אָנגעוויזענע ראיאָנענ, וואָס די פויערימ פונ אָטאָ די ראיאָנענ באגעגענענ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ, ווי באפרײַער פונעמ פריצישנ יאָכ, וואָס, ווארטנדיק אָפ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ, הויבנ זיי זיכ אופ בא דער ערשטער באקוועמער געלעגנהײַט און דערלאנגענ די פוילישע מיליטער־טיילנ א קלאפ פונעמ טיל. דערמיט דארפ מענ אויכ דערקלערנ די אומפארגלײַכלעכע געהויבענע שטימונג אינ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ, וואָס עס קאָנסטאטירנ אלע אונדזערע מיליטערישע און פאָליטישע טוער.

דאָס אלצ קאָנ ניט ניט שאפנ אינ די פוילישע מיליטער־טיילנ אנ אטמאָספער פונ אומזיכערקײַט, און אומזאָרגעוודיקײַט, דאָס קאָנ ניט ניט צעשטערנ בא זיי די שטאנדהאפטיקײַט פונ געמיט, דעמ גלויבנ אינ דער גערעכטיקײַט פונ זייער זאכ, דעמ גלויבנ אינעמ

ניצאָכנ. דאָס קאָנ ניט ניט פארוואנדלענ די נאציאָנאלע צונויפגעשמאָלצטקייַט פונ די פוילישע מיליטער־טיילנ, פונ א פאָזיטיווו פאקטער אינ א נעגאטיווו פאקטער.

אונ וואָס ווייַטער זיי וועלנ זיכ פאָרויסרוקנ (אויב זיי וועלנ זיכ ביכלאל פאָרויסרוקנ), אלצ שטארקער וועלנ זיכ לאָזנ פילנ אָטאָ די נעגאטיווע זייַטנ פונעמ פוילישנ מארש.

קאָנ דענ פוילנ אנטוויקלענ בא אזוינע באדינגונגענ א שטארקנ, מעכטיקנ אָנגריפ, וואָס זאָל צוזאָגנ דויערהאפטע דערפאָלגנ?

וועלנ דענ די מיליטער־טיילנ פונ פוילנ ניט אריינפאלנ בא אזוינע באדינגונגענ אינ אנ אטמאָספער, אנ אנאלאָגישער צו דער, אינ וועלכער עס זייַנענ אריינגעפאלנ די דייַטשישע מיליטער־טיילנ אינ אוקראַינע אינ 1918 יאָר, ווענ זיי זייַנענ געווענ אָפגעריסנ פונ זייער טיל.

דאָ גייענ מיר צו צו דער פראגע וועגנ דעמ ראיאָנ פונעמ קלאפ. אינ א מילכאָמע ביכלאל, אינעמ בירגער־קריג איבערהויפט, הענגט ניט זעלטנ אָפ דער דערפאָלג, דער אנטשיידענער ניצאָכנ פונעמ געלונגענעמ אויסוויילנ דעמ ראיאָנ פונ קלאפ, פונ דעמ געלונגענעמ אויסוויילנ דעמ ראיאָנ, פונוואנענ איר ווילט דערלאנגענ דעמ קענער אונ אנטוויקלענ ווייַטער דעמ הויפט־קלאפ. איינער פונ דעניקינס גרויסע פעלערנ איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס ער האָט אויסגעוויילט פארנ ראיאָנ פונעמ הויפט־קלאפ דעמ פאס דאָנער באסיינ — כארקאָוו — וואָראָנעזש — קורסק, דאָס הייסט, דעמ ראיאָנ, וואָס איז בעפיירעש ניט זיכער פאר דעניקינענ, א ראיאָנ, וואָס איז דעניקינענ פייַנטלעכ, א ראיאָנ, ווו דעניקינ האָט ניט געקענט שאפנ ניט קיינ פעסטנ טיל, ניט קיינ גינסטיקע סיטואַציע פארנ פאָרויסרוקנ זיכ פונ די מיליטער־טיילנ. די דערפאָלגנ פונ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ אָפ דעניקינס פראָנט לאָזנ זיכ דערקלערנ, אגעוו, דערמיט, וואָס די סאָוועטישע מיליטער־אָנפירונג האָט באצייַטנס אריבערגעטראָגנ איר גרונט־קלאפ פונעמ ראיאָנ צאריצנ (א ניט גינסטיקער ראיאָנ) אינ ראיאָנ פונ דאָנער באסיינ (א העכסט־גינסטיקער ראיאָנ), ווו די באפעלקערונג פלעגט באגעגענענ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ מיט ענטוזיאַזמ, אונ פונ וואנענ מע האָט געקאָנט גרינגער פאר אלצ דורכקלאפנ דעניקינס פראָנט, צעשפאלטנ אימ אפ צוויי טיילנ אונ פאָרויסרוקנ זיכ ווייַטער ביז סאמע ראָסטאָוו.

דער דאָזיקער מאָמענט, וואָס די אלטע מיליטער־לייַט פארזעענ אָפט, האָט אָפט אינעמ בירגער־קריג אנ אנטשיידנדיקע באדייַטונג.

מע דארפ פארצייכענענ, אז פוילנס געשעפטנ האלטנ אינ אָט דעמ פראט, אינעמ פראט פונ ראיאָנ פונעמ הויפט־קלאפ ביז גאָר שלעכט. די זאכ איז אינ דעמ, וואָס איבער די אויבנגעזאָגטע סיבעס קאָנ קיינ איינער פונ די ראיאָנענ, וואָס ליגנ בא פוילנ, ניט אנערקענט ווערנ אלס א גינסטיקער פאר די פוילישע מיליטער־טיילנ, ניט אינ זינ פונעמ ראיאָנ פונ קלאפ, ניט אינ זינ פונ דער ווייַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דאָזיקנ קלאפ; ווייַל די פוילישע מיליטער־טיילנ זאָלנ זיכ ניט רוקנ פאָרויס, וועלנ זיי אומעטומ טרעפנ א ווידערשטאנד מיצאד דעמ אוקראַינישנ, רוסישנ, ווייַסרוסישנ פויער, וואָס וואָרט, אז די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ זאָלנ זיי באפרייַענ פונ די פוילישע פריצימ.

אונ, פארקערט, די לאגע פונ די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ איז אינ דעמ פראט א גאנצ גינסטיקע: פאר זיי זייַנענ אלע ראיאָנענ, אזוי צו זאָגנ „פאסיק", ווייַל די סאָוועטישע מיליטער־טיילנ, ווענ זיי רוקנ זיכ פאָרויס, פארפעסטיקנ זיי ניט, נאָר זיי וואַרפנ אראָפ די מאכט פונ די פוילישע פריצימ, זיי באפרייַענ די פויערימ פונ פארקנעכטונג.



## 3. פערספעקטיוונ

פוילנ האלט מילכאָמע מיט רוסלאנד דערוויַיל אליינ. אָבער עס וואָלט געווענ נאַיִוו צו מיינענ, אז פוילנ וועט בליַיבנ אליינ. מיר האָבנ דאָ אינ זינענ ניט נאָר די אלזיַיטיקע שטיצע, וואָס די אנטאנטע גיט אָנ סאָפּעק פוילנ, נאָר אויכ די קאמפ־פארבינדעטע פונ פוילנ, וואָס די אנטאנטע האָט שוינ טיילוויַיז געפונענ (צ. ב. די רעשטנ פונ דעניקינס מיליטער־טיילנ), אונ טיילוויַיז וועלנ זיי, ווארשיַינלעכ, געפונענ ווערנ, צום גליק פאר דער אייראָפּיַישער „ציוויליזאציע“. דאָס איז ניט קיינ צופעליקייַט, וואָס דער פוילישער אָנגריפ האָט זיכ אָנגעהויבנ בייַס דער קאָנפערענצ אינ סאנ־רעמאָ, וווּהינ די פאָרשטייער פונ רוסלאנד זיַינענ ניט דערלאָזנ געוואָרנ. עס איז אויכ ניט קיינ צופעליקייַט, וואָס רומעניע האָט פאריבנ די פראגע וועגנ די שאָלעמ־אונטערהאנדלונגענ מיט רוסלאנד... דערבייַ איז פולקאָם מעגלעכ אז דער פוילישער אָנגריפ, וואָס שייַנט צו זיַינ אינ פלוג אוואנטיורע, זעט פאקטיש פאָרויס א ברייט פארטראכטנ פלאנ פונ א קאָמבינירטנ מארש, וואָס ווערט פארווירקלעכט פאמעלעכ.

אונ פונדעסטוועגנ מוז מענ זאָגנ, אז אויב די אנטאנטע האָט, אָרגאניזירנדיק דעמ דריטנ מארש אפ רוסלאנד, אויסגערעכנט צו באזיגנ רוסלאנד, האָט זי געהאט א טאָעס אינ כעזשבנ, וויַיל שאנסנ אפ א מאפּאָלע פונ רוסלאנד איז אינ 1920 י. פאראנ ווייניקער, אסאכ ווייניקער איידער אינ 1919 י.

אויבנ האָבנ מיר גערעדט וועגנ די שאנסנ אפ א ניצאָכנ פונ רוסלאנד, וועגנ דעמ, אז אָטאָ די שאנסנ שטיַיגנ אונ וועלנ שטיַיגנ, אָבער דאָס הייסט נאָכ ניט, נאטירלעכ, אז מיר האָבנ שוינ בעמיילע דעמ ניצאָכנ אינ קעשענע, די אויבנארויסגעשטעלטע שאנסנ פונ קאָנענ זיגנ האָבנ א רעאלע באדיַיטונג נאָר בא די איבעריקע גליַיכע באדינגונגענ ד. ה. באמ באדינג, אז מיר וועלנ איצטער פונקט אזוי אָנשטרענגענ אונדזערע קויכעס, ווי פריִער, בא דעניקינס אָנגריפ, אז אונדזער מיליטער וועט באזאָרגט ווערנ אונ קאָמפּלעקטירט ווערנ אקוראט אונ רעגוליער, אז אונדזערע אגיטאטערס וועלנ אופקלערנ די רויטארמייער אונ די ארומיקע באפעלקערונג מיט א דריַיפאכיקער ענערגיע, אז אונדזער טיל וועט אָפּגערייניקט ווערנ פונ אָפּפאַלנ אונ וועט פארפעסטיקט ווערנ מיט אלע קויכעס, מיט אלע מיטלענ.

נאָר בא די דאָזיקע באדינגונגענ קאָנ מענ האלטנ דעמ ניצאָכנ פאר באוואָרנט.

---



כ׳ גיקאלאָ — סעקרעטאר פונ צק קפּ(ב)ווּ

ש. ראָסינ

# ווײַסרוסלאנד

איצט גייענ דאָ הייכ אופ די זאנגענ,
די ערד איז באטרונקענ מיט זונ
אונ עס טראָגט פונ דעמ פעלֿד א געזאנג זיכ,
פונ יענעמ ניצאָכנ אונ רומ: —
דאָ זײַנענ ארמייער געגאנגענ
באָרוועס אונ נאקעט ארומ.

ערגעצ דאָ, אינעמ שאָטנ פונ וועלֿדער,
הינטער בערגלֿ פונ יענעמ קורהאנ
האָט קעגנ סוינע געשטעלֿט זיכ
מײַנ כאווער, דער פארטיזאנ—
געשטעלֿט זיכ באשיצנ די פעלֿדער
מיט ביקס אינ דער האנט.

עס האָט אימ געטריבנ די סינע,
די נויט האָט אינ שלֿאכט אימ געשיקט,—
מע קאָנ נאָכ דאָ ערגעצ געפינענ
זײַנ דאשעק, זײַנ רימענ,
זײַנ ביקס.

ערגעצ דאָ דארפנ זײַנ נאָכ די שפּורנ
פונ מײַנ כאווערס צעווייעט געביינ,
פונ מײַנע פארוואָרלֿאָזטע יאָרנ,
ווײַסרוסלֿאנד, מײַנ וויגלֿ, מײַנ היימ.
אונטער הימלֿענ פארוואָלֿקנטע, כמורע
איז שווער מיר געוועזנ אונ ענג.

אפ דײַנע פארוואָרפענע טראקטן
באוואָקסן מיט מאָך פונ אמאָל,
האָבן יאָרן געסקריפעט די אקסן
פונ מײַנ טאטנס וואָגנ אינ טאָל...
איצט זײַנען דאָ פעלדער באוואקסן
מיט קאָרן פונ זוניקע גאָלד.

איצט גרינען די בלויע קורהאנעס
אונ ס'שטראַלן די הימלען ארום,
ווײַסרוסלאנד, עס טראָגט זיכ פונ דאנען
דײַנ שטאָלצער ניצאָכנ אונ רום.
איצט פריי איכ מיט דיר זיכ צוזאמענ
מיט אלצ, וואָס עס ברויזט אופ דײַנ גרונט.

מינסק יול 1935.

# ליכטיקע בעריאָזעס

ליכטיקע בעריאָזעס—געסט פונ ווײַטנ היימלאנד
רינגלען מיכ ארום איצט בא מײַנ שטילער ווינונג.

הער איכ זייער רוישנ, כ'הער דעם גרינעם פלאטער,
נאָענט צווישנ ביימער גייט ארום מײַנ טאטע.

לײַכטע, גרינע קריינענ פלאטערדיק זיכ וויגנ—
גייט ארום מײַנ טאטע, מורמלט שטיל א ניגנ.

זינגט א ליד, א ניגנ אונ זײַנ הארצ צעברענט זיכ:
„וואַרפט אראָפ די קייטנ, טוט מיר אויס די פענטעס"...

ס'האָט די ליד באגלייט אים אינ די שווערסטע שאָענ,
מיט דער ליד פלעגט פירנ דעם בולאנעם פאָיענ.

ס'האָט די ליד פארפאָלגט אים, ס'האָט די ליד באגלייט אים
מיט איר הארבנ צאָרנ ביזנ סאמע טויט אים.

אינ די שווערסטע שאָענ, ווענ די פײַנ פלעגט דריקנ
פלעגט ער שטיל אונ לאנגזאם ציִענ אָט דעם ניגנ.

ווענ ער איז געפאלנ, אונטער יאָכ געבליבנ
איז נאָכ אימ געלעגנ דער ניגנ אפ די ליפנ..

אין מײַן װעג דעם שװערן, אפ דעם שליאַך דעם ברײטן
האָט אָט יענער ניגן אומעטום באגלײט מיך.

ער האָט מיך געלערנט, ער האָט מיך געטריבן
ביזן גרונט צו האסן, טיפ ביז װײטיק ליבן...

הוידעט זיך א װינטל אפ צװײַגן פון בעריאָזעס
דאכט זיך מיר מײַן שװעסטער יאָמערט צװישן גראָזן,

דאכט זיך מיר מײַן שװעסטער, דאכט זיך מיר מײַן טאטע
צװישן װײַסע שטאמען װיאַנען נאָך און װיאַנען.

הויבט זיך אופ א שטורעם, בײמער נעמען פאלן,
דאכט זיך מיר, מײַן טאטע װאלגערט דאָרטן שפאלעס.

שװערע סאָסנע־קלעצער אפן װאָגן ציט ער—
יאָמערן די רעדער און די אקסן סקריפען.

דאכט זיך מיר, אפ שליאַכן הויך און אויסגעמאטערט
שלעפט זיך נאָכן װאָגן דער שאָטן פון מײַן טאטן.

און מײַן טרוים דער ערשטער און די ערשטע זעונג
אין שאָטן פון אלײע שטײען נאָך געלענט.

רוישיקע בעריאָזעס—גרוסן פון מײַן יוגנט
באגאָסענע מיט זון־שײַן אין מײַן פענצטער קוקן.

און פארנאכט אין טונקל, װען די זון זיך לעשט שוין,
דאכט זיך מיר, אז נאָענט—סאמע אונטער פענצטער
בלאָנקעט אום מײַן יוגנט באָרװעס אפ די סטעזשקעס.
בלאָנקעט אום און נישטערט—װידער צו געפינען
יענעם שליאַך—דעם אָנהויב װעג פון מײַן באגינען.

מאָטע דעכטיאר

# אונטער א דעמב

באמ קרייצ פונ וועגנ אינ מײַנ היימלאנד פּאָליעסיע, שטייט געבויגנ צומ זונ־אופגאנג אנ אלטער טרוכליאווער דעמב. פונ זײַנע אויסגעפוילטע לעכער פליט ארויס אמאָל א צע־פודזשעטער האָז אונ פארשווינדט ווי א רויכל אינ ווײַטע קוסטעס. ווילדע קאָרשיקעס פּראוועס דאָ מאָלצײַטנ. וואלד־קראָטנ בויענ דאָ פּאלאצנ אונטער די וואָרצלענ. לאנג זײַנענ אפּ דעמ דעמב געוועג זשאָלודעס. שוינ לאנג האָט ער זיכ געזעגנט מיט זײַנ יוגנט.

קיינער אינ קאנט געדענקט ניט פונ קאמע יאָרנ אָנ ווי ער שטייט דאָ אָט דער דעמב. זײַנ ווילד־אָנגעוואקסענע קאָרע־הובקע אפּ זײַנ הויקערדיקנ רוקנ, די דארע צעטריקנטע צווײַגנ־סוקעס מאכנ אימ פאר אנ איידעס פונ אסאכ עפּאָכעס. אויסגעשטאנענ בייזע ווינטנ, וויוגעס, דורכגעלעבט אסאכ ביטערע צײַטנ, באקלאָגט ער זײַנ גאנצנ לעבנ דעמ גוירל פונ זײַנ בידנעמ קאנט.

אלטע פּאָליעשוקעס פלעגנ דאָ אמאָל דורכגיינ פארבײַ אונ מיט אָפּשײַ פארנ זאָקנ זיכ א נויג טאָנ, ארפּנעמענ דאָס היטל, דרײַ מאָל זיכ איבערצײלעמענ אונ גיינ ווײַטער. אינ הייסע זומער־טעג פלעגנ דאָ אונטער דעמ דעמב זיצנ הויקערס, סטארצעס אונ שפּילנ אפּ דודעס, בלינדע פארזעענישנ מיט גרויסע טאָרבעס אפּ די פּלייצעס, מיט באנדורעס אונ לירעס אינ די הענט. אונטערנ שאָטנ פלעגנ געשלאָסנ ווערנ די גרעסטע פײַערדיקע ליבעס פונ פּאָליעסער פריי־לעכער יוגנט. עס פלעגט זיכ דאָ אויכ פארהאלטנ א פארבײַפּאָרנדיקע פריצישע דראָזשקע אונ אינ קילנ שאָטנ פּראוועס דעמ גאָר־פײַנעמ מאָלצײַט.

גיפּסענע פאניענקעס פלעגנ זיכ דאָ דרייענ אפּ די קאָרקעס, ארויסשטעקנ צומ הימל די קעפּלעכ, ווי טשערעפּאכעס, אונ „ליובויענ" זיכ מיטנ אַלטנ ווײַסנ בושל, וואָס איז גע־שטאנענ אינ זײַנ קובלאָ אפּנ שפּיצ דעמב אונ געקוקט ווי א גראפּ אפּנ קאנט.

דער גאנצער אומעט פונ קאנט האָט זיכ געשפּיגלט אינ זײַנע בושעלישע אויגנ. ניט ווי א גראפּ האָט ער געקוקט, נאָר ווי א פארמאָרעטער בעטלער באקלאָגט די בידנע דאָליע פונ זײַנ היימ.

געהויקערטע דערפלעכ מיט שטרויענע שליאפּעס, אויסגעקרימטע שטעטלעכ מיט צע־בראָכענע גאנקעס האָבנ ארויסגעטארטשעט ווי קופּעס ביינער פונ דער ערד. ס'האָבנ זיכ נאָר אינ טיפע פרימאָרגנס געדיכט געריכערט די בלאָטעס, ברייט געשאָטנט די וועלדער אונ אפּ א ווײַלע מיט נעפּל אונ שאָטנ פארשטעלט דעמ אומעט אונ טרויער פונ קאנט.

אפּנ קרייצ פונ וועגנ אינ מײַנ היימלאנד פּאָליעסיע שטייט אנ אלטער טרוכליאווער דעמב. לאנג זײַנענ אפּ אימ געוועג זשאָלודעס, לאנג האָט שוינ געלעבט א בושל אינעמ פארלאָזענעמ קובלאָ אפּ זײַנ שפּיצ.

אינ יענעמ ביטערנ יאָר, אינ יאָר 1920, האָט מענ אפ די סוקעס פונ דעמב אופגעהאנגענ זיבנ פארטיזאנער, זיבנ בעסטע זינ פונ דער געגנט.

אנ איינוניינציקער שאָס האָט דאנ געלעכערט דעמ הימל אונ ווי א שטיק אָפגעריסנ וואָלקנדל איז פונ שפיצ דעמב אראָפגעפאלנ א צעבלוטיקטער דער אלטער אומשולדיקער בושל.

* * *

איינמאָל אינ יאָר, אינ א טאָג א זומערדיקנ, יאָנטעוודיקנ, קומענ צוגיינ צומ דעמב זיבנ אלטיטשקע, זיבנ טאטעס פונ יענע געהאנגענע פארטיזאנער, זיבנ ווײַסע טויבנ מיט גרויסע ליולקעס אינ די מײַלער, מיט גרויסע סוקעוואטע שטעקנס אינ די הענט. זייערע גרויסע קודלעס מישנ זיכ צונויפ מיט רויכ אונ ס׳דאכט, אז עס ברענט דער דעמב. רויכערט, וויגט זיכ, כאלעשט זיכ צולייגנ צו דער ערד אויסצורוענ זײַנע אלטע ביינער.

זיבנ ווײַסע טויבנ, זיבנ טאטעס זיצנ אונטערנ דעמב אונ דערמאָנענ זייערע געהאנגענע זינ. זיי דערמאָנענ יענע פינצטערע צײַט, ווענ איבער זייער היימלאנד פאָליעסיע האָבנ געווילדעוועט בייזע אָרדעס, צעהוליעטע לעגיאָנערנ, פאָזנאנטשיקעס, האלערטשיקעס. זיי האָבנ גערויבעוועט, געצונדנ די דערפלעכ, געפאסעוועט, געשניטנ די שטעטלעכ, געטאָפטשעט דעמ ברויט אפ די פעלדער, פארגוואלטיקט זייערע פרויענ אונ די טעכטער, געהאנגענ זייערע בונטארישע זינ.

— ווער וועט זיי אומקערנ זייערע זינ?

זאָלנ זיי איצטער אופשטיינ פונ די קיואָרימ, זאָלנ זיי א קוק טאָנ אפ זייער היימלאנד. לאנג, לאנג וואָלטנ זיי געזוכט אינ די קאָרטשעס זייערע טריט, לאנג, לאנג וואָלטנ זיי געזוכט די בלאָטעס, ווו זיי האָבנ געגוואדזעט. זיי האָבנ ניט געזענ ווי מע האָט פארברענט די סאָנעמ פונ די זיידעס אונ עלטער זיידעס. ווי מע האָט אפ אייביק פאראקערט די ווילדע מעזשעס

— אָכ, מיט וויפל קורהאנעס־בערגלעכ איז רײַכ מײַנ היימלאנד, מיט וויפל ברידער־קוואָרימ גרויסט זיכ מײַנ לאנד.

נאָכ רײַכער איז מײַנ היימלאנד מיט נײַע שטעטלעכ, דערפלעכ, קאָלווירטנ, צעשטעלטע, ווי מאָנומענטנ אפ ביינער פונ אומגעקומענע העלדנ אינ שלאכטנ.

אונ ווענ א זונ א נײַע פארגייט איבער ווײַטע שפיצנ וועלדער, איבער נאָענטע קאָל־ווירטישע פעלדער, ווענ פייגעלעכ צעטרעלנ אינ שטילע רויִקע בערעזניאקעס אנ אָוונטיק הארציק ליד, ווענ ערגעצ ווײַט ווערט נאָכ ניט אנטשוויגנ א פאסטעכס ניגנ —

דאנ הערט זיכ ווי ערגעצ טיפ הייבט אָנ ריידנ די ערד. ערגעצ גייענ פאָלקנ, עס טופענ באטאליאָנענ. עס קורענ זיכ פארבליבענע שטיקלעכ בלאָטעס אונ וועלדער הייבנ אָנ שומענ, הודענ.

ס׳דאכט אז עס גייענ פאָלקנ פארטיזאנער. זיי גייענ באקוקנ זייער לאנד. לאנג־לאנג זוכנ זיי זייערע אמאָליקע טריט. לאנג־לאנג הערט ניט אופ ריידנ די ערד.

אונ עס רוישנ אינ פריידנ ווײַס־ווײַס אופגייענדיקע ליבינקע שטעטלעכ. עס צינדט שארפע פײַערנ א געדיכטע נעצ מיט קאָלווירטנ.

* * *

דער סאמע עלטסטער פונ די זיבנ אלטע, דער סאמע פעסטער איז דער פאָליעשוק פראָכאָר בושאנ, וועמעס זונ טראפימקע איז געווענ דער ייִנגסטער פונ די זיבנ געהאנגענע פארטיזאנער. אזא לאנגער רוקענער איז ער דער פראָכאָר, אזא שטילער, פארטראכטער.

נאָר ווענ מענ צעקאעסט אים, צערייצט אים, קענ ער נאָכ אויסרײַסנ א דעמב. די ליולקע איז בא אים די סאמע גרעסטע ווי בא אלעמענ, דער שטעקנ איז דער סאמע גראָבסטער.

זעקס אלטע, זײַנע נאָענטע ליבלעכע, זיצנ אינ א ראָד ארום אונ ארום, זייערע פענמער פארוועבט דער רויכ פונ די ליולקעס אונ עס פארשיטנ זיי די אויגנ קליינינקע פונקענ. די בערד זײַנענ בא אלעמענ אויסגעקערט צום סאמע עלטערנ, צו פראָכאָרנ, בא וועמענ דאָס לענגלעכ פאָנעם איז מיט טיפע קנייטשנ צעשניטנ אונ דאָס מילכיק בערדל איז שיטער אונ זעט אויס ווי א צוגעקלייעטע. נאָענט ארום אים זיצט דער אמאָליקער פאסטעכ פאנאס דודע. אָט דער קליינער קלוגעטשקער, וואָס פארמאָגט א זאכלעכנ פאָנעם אונ גרויסע אויגנ ווי בא א פויגל. דאָס איז דער זעלבער פאנאס, צו וועמעס טאָכטער מארפוסיענ האָט זיכ געסוואטעט פראָכאָר בוזשאנס זונ טראָפימקע.

אנ אייגענער צווישנ אייגענע זיצט אָנגעשפארט צום דעמב דער קורצער-ברייטער דאָרפ־קאָוואל יאנקל. זײַנע שווארצע הענט זײַנענ ווי מיט וואָרצלענ געפעסטיקט אונ כונ די האָר אפ זײַנ ברוסט שפארט שטענדיק אזא שיטער רויכל. קיינ זונ האָט ער ניט אָט דער דאָרפישער קאָוואל, דער יאנקל. ער קומט אהער דערמאָנענ א פרעמדנ זונ, וועמעס טאטע אונ מאמע וויינענ ערגעצ אויס די אויגנ אונ האָפנ, אז ס'וועט זיכ נאָכ אמאָל אומקערנ פונ שלאכט זייער ליבער זונ. איינעמ אנ ארטיאָמקע דערמאָנט ער, דער יאנקל.

אינ הויכנ הימל לויטערט זיכ א זוניקער יול־טאָג. יאָנטעוודיק באפוצט זעט אויס א קאנט, עס וויגט אומ זײַנע קרוינענ דער שטאָלצער רײַכער וואלד. עס לופטערנ אומ פאָנענ ווײַטע אונ נאָענטע קאָלוירטנ. עס טוליענ זיכ איינע צו די אנדערע שווערע קעפלעכ פונ הויכע זאנגענ אינ פעלד, סטײַעס פייגעלעכ מיט צעפאָכעטע פליגלענ ברענענ אפנ זונ אונ שוועבנ אופ ווי פילקאָלירנדיקע אָפגעריסענע שטיקלעכ וואָלקנס. פארבראָנדזעוועט דערהויבנ זעט אויס אנ אלטער דעמב באמ זונ־אופגאנג. די זיבנ אלטע פלעכטנ אימ שטײַפער ארום אונ צוזאמענ מיטנ טרוכליאוונ זאָקנ וואקסט אויס א דערמאָנונג אונ ווי א ווײַטע לעגענדע פלעכט זיכ א קליינע דערציילונג.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אפ יענער זײַט פריפעט זײַנענ שוינ אָפגעגאנגענ די לעצטע באָלשעוויסטישע באטאַליאָנענ. אפ פוסטע אומעטיקע הארבסטיקע פעלדער, אפ שליאכנ, טראקטנ האָבנ זיכ, ווי אפ אייביק, געשטעמפלט זייערע טריט. פארבליבנ איז ווי ·אפ אייביקנ רוישנ דער שאָרכ פונ רויטארמייִשע שינעלנ אונ דער קלונג פונ אײַזנדלעכ אפ די שטיוול. אינ פעלד האָט מענ נאָכ דאנ געגראָבנ קארטאָפליעס. מיט אָרעמע פײַערלעכ האָבנ געטליִעט שײַטערס. קיינ לידער האָבנ פויערטעס אינ פעלד דאנ ניט פארצויגנ.

דאכט זיכ, ערגעצ ווײַט האָט א מאמעס קאָל דעמ הימל געלעכערט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, געוואָלט כאפנ דאָס פײַער פונ די פיקעס, וואָס האָבנ זיכ אפנ האָריזאָנט אומגעוויגט.

— אפ וועמענ פארלאָזט איר אונדז, טײַערע! ניט גייט אוועק ליבינקע!

ווײַט־ווײַט אפנ האָריזאָנט איז ווי א שטיק זונ דאָס לײַוונט פונ א צעלופטערט רויט-פאָנ. עס ברעכט זיכ באמ ברעג הימל דער זילבער פונ די פיקעס אונ די ערד אונטער די פיס וויגט זיכ, כאלעשט אנטלויפנ. אפנ טראקט טופעט די קאָניצע, עס ברעכט זיכ א בריק אונטער די רעדער פונ שווערע באטארייעס. פוסט איז אינ פעלד, אומעטיק אינ וואלד,

שטיל פארזונקענע איז א לעבן אפ בלאָטעס, עס זײַנען אנטשטומט געוואָרן כײַעלעך אינ הרוזקע געטרעס. צעפלויגן זײַנען פייגעלעך אינ ווארעמע לענדער.

— אפ וועמענ האָט מענ אונדז איבערגעלאַזן? ווער וועט באשיצנ אונדזערע לעבנס? איבער מײַנ היימלאנד—פּאָליעסיע רוקנ זיכ שווארצע כמארעס.

* * *

עס גייענ קלאנגענ פונ דערפל צו דערפל, אז איבערנ קאנט וואנדרעוועט איינער אר־טיאָמקע, א מענטש אזא, פארשטעלט ווי א סטארעצ. הויכ איז ער ווי א בוימ, געזונט ווי א בער. אונ מיט זײַנע לאפעס ברעכט ער אײַזנ, שלינגט פײַער אונ נעכטיקט אפ ביימער, ווי א פויגל.

עס גייענ קלאנגענ, אז פאר זײַנ טויטער קאָפּ גיבנ די לעגיאָנערנ דרײַסיק טויזנט מארק. אונ פאר א לעבעדיקער קאָפּ באקומט מענ נאָכ א מאיאָנטעק.

קיינער האָט אימ ניט געזענ אָט דעמ ארטיאָמקען. נאָר מע זאָגט, אז ער איז שיינ ווי א רויז, א ברוינער קראסאוועצ מיט א שווארצנ טשוב, א גאנצער סטויג האָר אפנ קאָפּ.

— הײַנט ווו איז ער, דער ארטיאָמקע? פונוואנענ איז ער, דער קראסאוועצ?

צופיל שפיגלענ זיכ פּאָליעסישע מיידלעכ. צופיל שפּילקעלעכ האָבנ זיי אָנגעשטעקט אינ קאָפּ, צופיל לענטעס אפ די העלדזער, קארעלנ אפנ הארצנ. מיט די בעסטע אנדראקעס האָבנ זיי זיכ אָנגעפרענדערט, אונ מיט פארליבטע אויגנ קוקנ זיי אויס אינ פעלד אונ אינ וואלד.

— ווו איז ער דער קראסאוועצ ארטיאָמקע? זאָל מענ אפ אימ כאָטש איינמאָל א קוק טאָנ. זאָל ער באווײַזנ זײַנע פײַערדיקע אויגנ.

— מע זעט ניט אונ מע הערט ניט קיינ ארטיאָמקענ—ווו איז ער דער ברוינער?

מענ האָט געזאָגט, אז נעכטנ באנאכט איז ער געוועזנ בא פראָכאָר בוזשאנענ, האָט זיכ אָנגעטרונקענ מיט קוואס, אָנגעגעסנ זיכ מיט געבאקטע קארטאָפליעס אונ טראָפימקע פראָ־כאָרס זונ האָט אימ באגלייט ביז איבער די פּאָהאָנעס אהינ, צומ קאָוואל צו.

מענ האָט געזאָגט, אז אלע נאכט קומט ער צוגיינ צו יאנקל דעמ קאָוואל אונ קלע־פּעוועט פּיקעס, שמידט קינזשאלנ אונ פאריכט בערדיאנקעס.

עס גייענ קלאנגענ, אז דער ארטיאָמקע קלײַבט פּארטיזאנסקע אָטריאדנ.

— הײַנט ווו איז ער דאָרט, דער ארטיאָמקע? מע הערט אימ ניט אונ מע זעט אימ ניט.

אומזיסט שפיגלענ זיכ פּאָליעסיער „דזיעווטשינעס‟, אומזיסט גרײַזלענ זיי די הערלעכ. דער וואלד שווײַגט, דערפלעכ ווארטנ—אָט־אָט, וועט ער זיכ באווײַזנ—אָט קומט ער, אָט גייט ער, דער ארטיאָמקע.

— מע זעט ניט אונ מע הערט ניט קיינ ארטיאָמקע.

* * *

אנ איינוניציקער ־זונ איז בא דעמ בעדניאק פראָכאָר בוזשאנ. אנ 18־יאָריקער קודלא־טער זונ טראָפימקע. הענט איז בא דעמ 18 יאָריקנ ווי בא א גרויסנ. אונ די פּלייצעס גע־זונטע, ניט לויט די יאָרנ נאָכ. עס גייענ אויס פאר זײַנע קארע אויגנ דאָרפישע מיידלעכ, זיי שפירנ נאָכ זײַנע טריט. פונ אסאכ דערפער איז מענ געפאָרנ צו פראָכאָר בוזשאנענ

אין סוואַטעס פון די בעסטעווירטשאַפטן, צוגעזאָגט אים אסאך גארצעס קאָרן, מעסטלעך הרעטשקע און האָבער. צוגעזאָגט אים שעפסן און אָקסן אבי זײַן זון טראָפימקען זאָל ער אויסגעבן פאר זייערע טעכטער.

און ליב האָט ער געהאַט טראָפימקע אָט די קליינע ווײַסינקע מארפוסיע, די טאָכטער פון פאַסטעך פאנאס דודע. עס פלעגן אזש פלאצן „דזיעווטשינעס", ווען אפן גאס פלעגט זיך באווײַזן דער קודלאטינקער טראָפימקע מיט זײַן געליבטער מארפוסקע. מע פלעגט לעקן די שמײַכע אפ דאָרפישע „וועטשאָרקעס", ווען טראָפימקע פלעגט אוועקגיין א קאַזאטשקע, אָדער זיך צעשפילן אפ דער הארמאָניע. געזינטער פון טראָפימקען איז צווישן די „כלאָפּצעס" ניט געווען.

און מע האָט געוואַרט פון טאָג צו טאָג. אָט־אָט וועט דער אָסיען קומען און בא יידע בעדניאקעס וועט מען הוליען א כאסענע.

און דער אָסיען איז געקומען און קיין כאסענעס האָט מען ניט געהוליעט. ניט איין קאָפּ איז געלעגן כאסענעס פראווען. דער טויט איז דאן געלעגן אפן האלדז.

* * *

דער הונדערט פינפיאָריקער בלינדער הוראשקע, דער זיידע פון טראָפימקע בוזשאן, פלעגט שטענדיק זיצן אפן פלויט באַם שטיבל, קורען די ליולקע און זינגען זײַן באליבט אומעטיק ליד.

— אַך, ווען, באָזשינקע, וועט ליכטיק ווערן?

פינצטער, ביטער מיר אָרעמע צו לעבן.

פון דער ליד פלעגט וויען מיט לאנגאָניקע פארלאָפּענע שווערע צײַטן. מיטן יאָך פון לײַב־אייגנטום. גאנצע כאָפּטעס דאָרפישע קינדער פלעגן זיך קלײַבן ארום אים, ברענגען דעם זיידן גאָסטינצעס, רויטע יאגעדקעס, מאלינעס, און דער זיידע פלעגט זיי זינגען לאנג־לאנג אזוי הייזעריק שטיל. און קוים־קוים וואָס מע פלעגט דערהערן דעם ניגן. א לענגערע צײַט האָט מען ניט געהערט דעם זיידנס זינגענדיק יענע אומעטיקע ליד. אָט אזוי זיצנדיק אפן פלויט אָנגעשפארט אפ א סוק האָט ער אופגענומען די רעוואָליוציע. די בלינדע אויגן האָבן גאָרנישט ניט געזען וואָס אפ דער וועלט איז פאָרגעקומען. נאָר די הארץ האָט דער־פילט, אז ס'איז ליכטערער געוואָרן דער הימל און ס'איז פרײַער געוואָרן צו עטעמען.

און אָט באַם אָפּטרעטן פון די לעצטע באָלשעוויסטישע באטאליאָנען האָט מען ווידער דערהערט דעם פארשטיקט הייזעריקן ניגן פון זיידן, הוראשקען.

— אָ, באָזשענקע מוי, ווען וועט ליכטיק ווערן.

נאָר קיין דאָרפישע קינדער האָבן זיך הײַנט ארום אים ניט געקליבן. קיין גאָסטינצעס האָט מען אים ניט געבראכט. איינער אליין לעבן פלויט איז ער געזעסן אָנגעשפארט אפן סוק. דרײַ שווארצע וואָראָנעס האָבן געקראקעט הינטער זײַן קרומער פלייצע. דרײַ צע־פייגערטע פליגן האָבן זיך פארפלאָנטערט אין זשמוט פון זײַן אויסגעקראָכענער קאלכיקער בערדל.

ער האָט אויך געהערט, אז מע רעדט וועגן איינעם אן ארטיאָמען. און סע ווילט זיך אים הוראשקען אויך וויסן וועגן דעם מענטשן, וועגן וועלכן עס גייען „טשוטקעס" פון דערפל צו דערפל. זײַנע בלינדע אויגן וועלן אים סײַ ווי ניט זען. נאָר מיט זײַנע אלטע ציטערדיקע הענט וואָלט ער אים אָנגעכאפט באַם הארצן, באגלעט זײַן קאָפּ.

— א וואָסערער איז ער אָט דער ארטיאָם?

אויב ער נעמט זיך אָן פאר דער קריוודע פון בעדניאקעס, איז פארוואָס קומט ער ניט וואָס גיכער, זאָל ער זיך נאָר באווײַזן אפן שליאך, וועלן ארויסגיין אנטקעגן גאנצע דערפער. מיט ווילעס און מיט קאָסעס וועט מען זיך לאָזן מיט אים.

זאָל ער זיך נאָר באווײַזן, וועלן אפילע זיידעס פון די אויוונס אראָפשפרינגען.

— הײַנט ווּ איז ער, ארטיאָם? — זאָל ער זיך אָפהוקען.

נעכטן שפעט באדערנאכט, ווען דער גאנצער הימל האָט געבליצט און ס'האָט זיך געטרייסלט די ערד אונטערן רודער פון ווײַטע הארמאטן, האָט דאן צו פראָכאָרן אין זעמליאנקע אָנגעקלאפט איינער א פרעמדער. אינדערפינצטער האָט מען ניט געזען א וואָסערער איז ער, מען האָט נאָך ניט געהערט ווי ער טרייסלט זיך אין קעלט, זײַן גראָבער קאָל הייסט מע זאָל זיך ניט שרעקן, אן אייגענער איז ער, מען זאָל אים נאָר געבן א שטיקל ברויט און אָנווײַזן ווּ לעבט דאָ דער קאָוואל.

פיאָקלע די האָרבאטע האָט אים אינדערפינצטער א שטיק ברויט מיט קעז אין האנט ארײַנגעשטופט און ער איז גלײַך ניט געוואָרן פון זעמליאנקע. נאָך אים האָט פראָכאָר ארויסגעשיקט דעם זון זײַנעם טראָפימקען. און ביז איבער די פאהאָנעס האָט אים טראָפימקע באגלייט. און אָנגעוויזן דעם וועג צום קאָוואל.

אין שווארצן הימל האָבן לאנגע פײַערדיקע בײַטשן געשניטן. שווערע הארמאטן האָבן טויב אזוי געבוכעט און ס'האָט געדאכט, אז עס וואליען זיך דעמבן. אין דערפל איז קיין איין פײַערל ניט צו זען. פונקט ווי די דונערן פון הארמאטן וואָלטן די פײַערן אויסגעלאָשן אף אייביק.

פון שרעק האָבן ערגעץ אין שטאלן געריטשעט אָקסן, טיאָכקענדיק, אזוי האָבן געמעקעט שעפסן און הינט האָבן געריסן די הרעבליע. געטריבן האָט א ווינט אין שווארצן הימל סטאדעס שווארצע בערן. ווי א שטיק מאָרעשכוירע, איז געהאנגען דער הימל איבערן דאָרף.

א דערשראָקענער קאלטער האָט זיך טראָפימקע צוריק אומגעקערט אין זעמליאנקע. ען האָט בא אים געפרעגט ווער איז ער דער מענטש און וואָס האָט ער גערעדט. ער האָט א ווײַלע געשוויגן, איבערגעכאפט דעם אָטעם און נאָכדעם האָט טראָפימקע געזאָגט.

— ער הייסט קומען צום קאָוואל, קיינעם גאָרנישט ניט זאָגן — ציץ. ער וועט נאָך זײַן דאָ.

אין ווינקל פון דער טונקלער זעמליאנקע האָבן געפינקלט אין דער פינצטער די פונקען פון זיידנס הארעשקעס ליולקע. פון זײַן הייזעריק קאָל האָט זיך פלוצלינג ארויסגעריסן:

— זעט, קינדערלעך, צי איז דאָס ניט יענער ארטיאָמקע.

— געהערט זײַן קאָל ווי בא א בער, געמיינט, ער וואליעט אײַן די זעמליאנקע.

— האלעווײַ איז ער אָס דערזעלבער? האָט מיט א זיפץ אָפגעענטפערט די אלטע פיאָקלע.

* * *

אין יענעם קאלטן אָסיען, ווען פוסטקײַט און אומעט האָט געלויערט אף פעלדער, ווען העלפט קארטאָפליעס זײַנען געבליבן פוילן אין דער ערד, ווען ס'זײַנען אָפגעגאנגען לעצטע רויכן פון באָלשעוויסטישע באטאליאָנען, דאן האָט זיך דאָס גאנצע דאָרף געקליבן צום אלטן הארעשקען, ווי צו א זנאכער. און אלץ נאָכגעפרעגט זיך — וואָס וועט זײַן זיידעניו? וואָס טוט מען?

זיצנדיק אפן פלויט מיטן סוק אין האנט, האָט דער זיידע אביסל צײַט געשוויגן און נאָכדעם האָט ער אָנגעשטעלט די בעלמעס אין הימל, מיט א הייזעריקן כריפּ האָט ער אָנגעזאָגט:

— עס רוקן זיך סטראשנע כמארעס, קינדער: „בודזיע ליכאָ. דזיעטקי״.

א ציטער איז אָנגעפאלן אפן דאָרף, אן איימע, ווי פאר א גרויסן שטורעם. דערפילט האָט מען, אז אָט באלד־באלד וועלן אָנפליִען ווילדע אָרדעס, עס וועלן נעמען בושעווען איבערן קאנט באנדעס פוילישע לעגיאָנען. רויבער וועלן אָנפליִען, וועלן צעטרעטן, צע־פרעסן, צעצינדן, צעקיילענען.

דאן האָט הארשקע צוגערופן צו זיך זײַן אכצן יאָריקן אייניקל טראָפּימקע, מיט בלינדע הענט אָנגעטאפּט זײַן קודלאטע קאָפּ און הייזעריק ארויסגעסאָפּעט.

— ניט שטיי, מײַן זונעלע, ניט ווארט, ווען וועלפ וועלן אָנפליִען און אונדז צערײַסן ווי בידנע שעפּסעלעך. ניט ווארט ביז די סאראנטשא וועט אָנשיטן און וועט צעפרעסן אונדזער ברויט, צעטרעטן אונדזער ערד.—נעם א האק, א ווילע, זונעלע, גיי מיט יענעם ארטיאָמקען, וואָס נעמט זיך אָן פאר אונדזער קריוודע, וואָס קלײַבט ארום זיך א הראָמאדע. נא דיר מײַן שטעקן און ניט לאָז די בייזע וועלפּ אפּ אונדזער ערד.—גיי זוך אויף יענעם אײַזערנעם ארטיאָמקען.

דעם שטעקן זײַנעם, דעם גראָבן סוק האָט ער, דער בלינדער הארשקע ארײַנגערוקט אין די הענט פון זײַן אייניקל. עס האָבן זיך געטרייסלט זײַנע הענט איבער דער קודלא־טער קאָפּ פון טראָפּימקען.

א הויכער געזעצטער, א פול אָנגעגאָסענער מיט לעבן איז ער, דער אייניקל געשטא־נען צווישן די קני פונעם זיידן, דאכט זיך, אז בלויז האָט געשפּראָצט פון זײַנע יונגע שלייפן. מיט א הייזעריק ארויסגעלאָזשענער שטים האָט דער זיידע נאָך אלץ גערעדט צו אים און ניט אראָפּגענומען די האנט פון זײַן קאָפּ.

— שפּיי מײַן קינד, איך וועל דיר בענטשן.—געדענק ווען דו וועסט אלע ווינטן און כמארעס פארטרײַבן, זאָלסטו קומען אפן זיידנס קייווער און אָנטופּן. זאָג אָן דעם זיידן, ווען ס׳וועט ליכטיק ווערן. נו, איצט, גיי דיר מײַן טײַערער, היט דעם קאָפּ.

דאכט זיך, אז דער זיידע האָט ארויסגעאָטעמט דעם לעצטן זאפט פון זײַן שטים. און ווי אפּ אייביק געזעגנט זיך מיט זײַן אייניקל. מיט א פוסטן מויל האָט ער פלוצלונג אזוי א ביס געטאָן דעם שטערן פון טראָפּימקען.

— נו, גיי דיר, ניט שטיי...

און ערגעץ ווײַט, ווו מיט א שיטערן לײַוונט איז געווען באצויגן דער האָריזאָנט, האָבן זיך נאָך אלץ געוויגט דערהויבענע שטאָלענע פּיקעס. עס שמעלצן זיך פײַערדיקע שטערנדלעך אפּ הויכע שליעמען. נאָך א שטארקערע אומרוּיִקע בענקשאפט האָט אָנגע־שריבן אפן הארצן, א ווײַטער אָפּגייענדיקער מארש — „סמעלאָ מי וו באָי פּאָידאָם זא וולאסט סאָוועטאָוו״.

אין שאָטנס פון וועלדער שטייען אויסגעלאָשענע דערפלעך מיט פאריגלטע טירן און פענצטער, שרעקעוודיקע שטעטלעך. ס׳דוכט, אז זיי האָבן אויסגעצויגן זייערע הענט צום האָריזאָנט און ווילן אָנכאפּן די וויגנדיקע פּיקעס, ווילן אָפּבאקן די הענט אָנעם פײַער פון רויטע שטערנדלעך.

— ווער וועט באשיצן אונדזערע לעבנס?

װײַט, װײַט אין פעלד איז פאַרבליבן שטעקן אן אַקער אין דער ערד. אין קוזניעס האָבן זיך אויסגעלאָשן די האָרנס.

* * *

װער האָט געזען דעם קראַסאָװעץ אַרטיאָמען?—װער האָט געהערט װעגן אַ העלד אַזאַ, װאָס ברעכט אײַזן, װאָס שלינגט פײַער?

— פונװאַנען איז ער, דער אַרטיאָם, װער האָט אים צוגעשיקט אַהער?

— קײנער װײס ניט פונװאַנען איז ער, מע קען ניט זײַן טאַטן און מע װײס ניט זײַן מאַמען.

— װער װײס װיפל דאָרפישע כלאָפּצעס האָט ער צו זיך אין װאַלד פאַרמאַניעט. װיפל דערפלעך צו זיך פאַרופן.

— װוּ איז ער דער אַרטיאָמקע, נאָך װעלכן עס קוקן אויס די אויגן און גײען אויס מיט די הערצער, שײנע פאַרפוצטע „דזיעװטשינעס“. מײדלעך װאַרטן און כאָלעמען, אָט־אָט גײט ער, אָט קומט ער דער קראַסאָװעץ, אָט װעט ער זיך פאַרסװאַטען צו אײנער פון זײ.

— צי דאָס איז ער אָט דער זעלבער, װעלכן דאָרפישע באַבעצעס האָבן פאַרשעפּטשעט, אַז קײן בײז אויג זאָל אָפּ אים ניט פאַלן. הײַנט װוּ איז ער, דער קראַסאָװעץ? מע װעט אים צעקושן און מיט קרענעצע־װאַסער װעט מען אים באַשפּריצן.

— נײן, מע טאָר ניט װיסן װוּ איז ער. קײנער טאָר ניט װיסן, װוּ עס באַהאַלט זיך אויס אַרטיאָמקע מיט זײַן אָטריאַד. צװײ הונדערט פּאָליעשוקעס איז בא אים אין אָטריאַד. זיבן בעסטע כלאָפּאַקעס אין זײַן שטאַב, צװײ פּולעמיאָטן אין זאַפּאַס, 500 ביקסן אין רעזערװ, פּאַטראָנעס אויף גאַנצע פינף פּאָלקן.

ערשט מיט אַ װאָך צוריק האָט ער אָפּגעשטעלט אן אָבאָז מיט אַמוניציע אויף אײנעם אַ שטילן שליאַך, אויסגעלײדיקט האָט ער די װעגענער, צוגעבונדן די זשאָלנערן אין די אָרטשיקעס בא די פערד, די הענט אָפּהינטן פאַרבונדן און געזאָגט זײ אַ „גוטינקן טאָג, פריצימלעך!..“

ערשט אָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ער דרײַ פּאָרוטשיקעס פון די פערד אַראָפּגעקאָסעט און אײן פּאָרוטשיק מיט זיך אין װאַלד אװעקגעפירט און פּאַר װאָראָנעס און קאָרשעקעס אַ טײַערן מאָלצײַט צוגעגרײט. זײ זוכן אים מיט פּראָזשעקטערס די פּוילישע אָרדעס. מע טרײסלט די דערפער, מע רײַסט די סטרעכעס. דרײַסיק טויזנט רובל גיט מען פאַר זײַן טויטער קאָפּ, הונדערט טויזנט רובל פאַר אַ לעבעדיקער. צען טויזנט מאַרק גיבן זײ פאַר יעדן טויטן קאָפּ פון זײַן אָטריאַד.

— הײַנט גײ כאַפּ אים דעם אַרטיאָמען, אַז הונדערטער דערפער באַהאַלטן אים אויס. דער װאַלד, זײַן באַשיצער. די בלאָטעס סמאָקטשען אײַן זײַנע שפּורן.

— גײט זוכט אים, גײט כאַפּט אים. די פײגעלעך אין װאַלד זען אים אַלע טאָג און דער צײלן קײנעם גאָרנישט, װי אויסשפּירער פליִען זײ אינדערלופטן, שװעבן אום װי גרויסע פלאַמעס, שטשעבעצען און באַהאַלטן טיפע סודעס אין זײערע שנאָבעלעך.—טשיריק־טשיריק.—גײט זוכט אים, גײט כאַפּט אים.—טשיריק־טשיריק.

נעכטן אין דאָרף האָט מען נאָך געזען זיך אַרומדרײיענדיק אַ פּאָר שאָטנס פון יונגע און באַגלײַך מיטן פאַרטאָג זײַנען פאַרשװוּנדן די שאָטנס. נעכטן פאַרנאַכט האָט מען נאָך געזען אָט דער קלײנער מאַרפוסיען, פאַנאַס דודעס טאָכטער. זי האָט נעכטן געװאַשן געררי־

געס באַם הרעבליע. מע האָט געזעגט, ווי עס האָבנ זיכ צו איר געלאַשטשעט צוויי פארבייַגייענדיקע סערזשאַנטנ. אונ קוים א לעבעדיקע האָט זי זיכ פונ זייערע הענט ארויסגעריסנ, איבערלאָזנדיק די נאסע געריגעס אפנ הרעבליע. צוויי שווארצע רויכלעכ פונ פלויצלונגדיקע זאלפנ האָבנ איר ביז וועלדל באגלייט.

שוינ לאנג, אז מע זעט ניט טראָפימקען? וווהינ איז אהינגעקומענ זייַנ געליבטע מארפוסיע?

אינ איינעמ פונ די אָוונטנ האָט מענ געטרייסלט די שטוב בא פראָכאָר בוזשאנעג. דרייַ צעקאָכטע זשאָלנערנ האָבנ געהאלטנ, ווי אינ טיסקעס, דעמ אומשולדיקנ פראָכאָרנ, געריסנ אימ די באָרד—דעמ זונ גיב אהער. כאָליערע יאסנאָ.

זיי האָבנ אימ נאָכדעמ ארויסגעפירט אפנ הויפ, צוגעשטעלט צומ וואנט אונ ארייַנגעדוקט א דולע אינ מויל.

— דעמ זונ גיב אהער, אניט דער טויט, בידלאָ! אזא ווייַסער צוגעשטיקטער צומ וואנט איז ער פראָכאָר געשטאנענ. אונ די דולע פונ ביקס איז פארפאָרנ אינ מויל. ניט פונ אָרט דער אלטער פראָכאָר.—דעמ זונ, פריצימלעכ, גייט זוכט אימ, גייט כאפט אימ, שיט אימ זאלצ אפנ עק.—א טויבער זעצ פונ פריקלאד האָט זייַנ קאָפ איבערגעריסנ—באָלשעוויק, כאליערא יאסנאָ!

א צעטראָגענע איבערנ הויפ האָט זיכ געטראָגנ די האָרבאטע פיִאקלע, געהאלאָשעט, ווי באַם באַווייַנענ א בארמענענ—אָכ, באָזשוכנא!

אונ דער זיידע הארשקא האָט זיכ געמאָליעט אינ ווינקל־שטוב בא די איקאָנעס, געקלאפט זיכ מיטנ קאָפ אָנ דעמ פאָל. די לוטשינע אפנ קאמינ האָט זיכ געלאָשנ אונ אויסגעגאנגענ. לעצטע טויטע פייַערלעכ האָבנ נאָכ ארומגעבלאָנדזשעט איבער די שווארצע ווענט.

ערגעצ ווייַט־ווייַט האָבנ זיכ אינ האווקעניש פארכליפעט הינט, געריסנ די הרעבליע אונ געשאָלטנ אינ דער פינצטערער נאכט ארייַנ.

אפנ מיטנ הויפ אינ א רעדל פונ א געלער לעוואָנע־פליאמע איז געלעגנ מיט אָפענע אויגנ צומ הימל א ווייַסע דערשטאָכענע קאצ.

* * *

אפ דער נאָענטסטער אייַזנבאנ־סטאנציע זייַנענ געבליבנ שטיינ אינ טופיק אנ עשאלאָנ אפ עשאלאָנענ. דעמ גרעסטנ בריק איבערנ מייַרעוו־אייַזנבאנ האָבנ די נאכט־פארטיזאנער אופגעריסנ.

— הייַנט וועמעס איז דאָס ארבעס, אניט ארטיאָמקעס.

אומזיסט רויכענע פאראָוואָזנ ארומ קליינעמ וואָקזאלכל, אומזיסט וואָיענ די טרויבנ, אומזיסט פליִענ ארומ, ווי פארטשאדעטע זילבערנע פאָרטשיקעס, צעווילדעוועטע סערזשאנטנ.

אנ אומשולדיקנ סטרעלאָטשניק האָבנ זיי הייַנט מיט שאָמפלענ אפנ ליגיע געקאטעוועט. דעמ נאטשאלניק פונ סטאנציע געוואָלט הענגענ אפנ פאָנאר.

— ווער האָט דאָס אופגעריסנ דעמ בריק?

נאָר די עשאלאָנענ ניט פונ אָרט. צומ פראָנט אָפגעהאקט דעמ וועג. סע ליגט א בריק ווי א בארמענענ איבערנ טייַכ. גיי הייב אימ אופ די מאכינע. אָט באלד לאָזט ער זיכ. העלפט פונ אימ איז אינ וואסער דערטרונקענ, די צווייטע העלפט הענגט אפ די ביקעס, ווי גרויסע שטיקער פארבלוטיקטע לונג אונ לעבער.

ס׳וועלן שוין הײַנט פאַרזוכן א גוטן אָנבײַסן די נאָענטע דערפער צום וואָקזאַלכל. ס׳וועט הײַנט פאַרגיין אזוי, אז ס׳וועט סטײַען אפ וואַרמעס און אפ וועטשערע.

א כמאַרע איז הײַנט אָנגעלאָפן אין דאָרף טורייקע. א היישעריק פאָוניאַנטשיקעס, א דערשטיקעניש פון האַלערטשיקעס, א קעפּקע אפ א קעפּקע, א פּיקע אפ א פּיקע. דאָס גאַנצע דאָרף טורייקע איז אפ די פיס. מען טרײַבט דאָס דאָרף אפ דער לאָנקע. א דאָרף מיט די לאָפּעטעס אפ די אקסלען. דאָס דאָרף גראָבט זיך א לעבעדיקע גרוב.

— ווּ זײַנען אײַערע זין, בידלעס? די אַרטיאָמקעס גיט אהער! האָט זיצנדיק אפ א הויכן פערד געפּאָכעט א זילבערנער פּאָרוטשיק מיט א הענטשקע ווי אַן אָדלערל מיט א צעבראָכענעם פליגל, געדרייט מיט זײַן קעפּל אפ אַלע זײַטן ווי א קאָקעטקע.

— די זין, די אַרטיאָמטשיקעס! — פּסיאַ קרעוו, כאָלערא יאַסנאַ! האָט געהאַלושעט א צווייטער גראָבאַטש אין א קאַסקע מיט א שאָמפּאָל איבער הוילע רוקנס, געפּײַפט און טראָפּנדלעך בלוט האָבן געקאַפּעט פון עם בלײַענעם שפּיץ אין גרוב אַרײַן.

— באָלשעוויק, כאָליערע יאַסנאַ!

א ריי מיט געבויגענע פּלייצעס זײַנען געשטאַנען באַם אָפענעם גרוב און ס׳האָבן געטריקנט פאַרבלוטיקטע שטיקלעך הויט אפן רוקן. געקוקט האָט א ריי אין א פינצטערער גרוב און געשוויגן, פונקט ווי מע וואָלט בא אַלעמען די צינגער אויסגעשניטן. באַם ברעג האָט נאָר עמעצער שווער א קרעכץ געטאָן, אופגעדרייט זיך אין א קנויל און אָט־אָט, דוכט זיך, קוליעט ער זיך אַרײַן א לעבעדיקער אין גרוב.

ווײַט־ווײַט הינטער די שײַערן אפ די מאָהילקעס האָט געהאַלאָשעט א דאָרף ווײַבער און קינדער. זייערע ווײ־געשרייען האָט, דאַכט זיך, געקאָנט לעכערן א באַרג. ס׳האָט זיך געהערט ווי עס ברעכן זיך צלאָמים אפ די מאָהילקעס און עס רײַסן זיך קוואָרים.

דאָס דאָרף איז געווען פאַרפּיקעוועט מיט זשאָלנערן. אַכוץ קעפּקעס מיט אָדלערלעך איז אין דאָרף קיינער ניט געווען. בלינד אזוי האָט אויסגעזען דאָס דאָרף. א צעטרייסלטע פאַרמאָרעטע מיט אויסגעשטאָכענע אויגן און אַן איבערגעבראָכענעם רוקן.

וואָלט ערגעץ כאָטש א מעקע געטאָן א קאַלב, א ריטשע טאָן אַן אָקס, א מעקע טאָן א שעפּס, די אָקסן און די קעלבער זײַנען לאַנג אויסגעשאָכטן. אַן איינוניינציק שעפּסל האָט געפּרווט א מעקע טאָן און באַלד איז דערוואָרגן געוואָרן איר — מע־מע.

אפ א פּיקע אינדערהויך האָט געשטעקט אין הימל מיט די פּיסלעך אַרופ א דאַרינקער שעפּס און זי האָט זיך פאַרסלינעט מיט אייגענער פּײַכטקײַט — בלוט פון עם האַרצן. און ווען ס׳האָט זיך גענומען לעשן דער טאָג, האָט געפלאַקערט דאָס דאָרף ווי א טרוקענע קופּע שפּענער. א פײַערדיק ברוינע גערוגע האָט זיך אין הימל געוואָרפן פאַרכליאַפּעט מיט פײַער און רויך, צונויפגעגאָסן זיך מיטן קאַלטן פײַער פון א האַלבער לעוואָנע און געמאַכט פון איר א טעל, א הויפן אַש.

א גרויסע פלוימע הינט מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער האָבן דאַן באַלעגערט דאָס דאָרף, פאַרכלינעט זיך מיט האווקעניש און מיט די אַרויסגעשטעקטע צינגער פונקט ווי זיי וואָלטן דעם פײַער געלאָשן.

נאָך העכער און ברייטער האָט זיך אומגעשלײַדערט אין הימל א פײַערדיק ברוינע גערוגע.

אין דער זעלבער צײַט האָט ערגעץ אפ א פּאָלאַק באַם אויוון געגויסעט דער בלינדער זיידע האַראַשקע.

אַכוץ פײַער און רויך איז בא זײַן טויטן צוקאָפּנס קיינער ניט געשטאַנען.

* * *

אפ בערגלעך אַש, בא טארטשנדיקע הוילע קוימענס, בא רויכלעך פונ טליִענדיקע האַ־לעוועשקעס איז געזעסנ א דאָרפ מיט מאמעס אונ קינדער, זיידעס אונ באָבעס.

אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, פארמאָרעטע, פינצטערע, געשטיקט דעם הונגער, געדאָרשט נאָכ א ריינעמ טרונק וואסער.

— ווער וועט זיכ אָנעמענ פאר זייער קריוודע, ווער וועט זיכ אָפּרעכענענ פאר דאָס בלוט פונ בעדניאקעס?

פאראזיטנ האָבנ דערשטיקט א קאנט. מיט רויכ געלאָזנ פונ זיידעס א פארהאָרע־וועט לעבנ.

— וווּהינ זײַנענ עס אהינגעקומענ די טאטעס? וואָס פאר א ווינט האָבנ אוועקגעיאָגט די זינ?

דער וואלד איז געוואָרנ געדיכטער מיט מענטשנ ווי מיט ביימער. אינ טיפע פּושטשעס האָבנ זיכ פארטושקעט די וועלפ. מע זעט ניט קיינ איינ ווילדע ציג אינ די כווינקעס. פונ שרעק זײַנענ צעפייגערט געוואָרנ די האָזנ. די פוקסנ כיטרעווענ אינ צעפּוילטע דופּ־לעס אונ דאָס וועוויקל האָט זיכ פארוקט אינ א נאָרע אונ כאָלעמט וועגנ זיסינקע ניסלעכ. דער וואלד איז געדיכטער מיט מענטשנ ווי מיט ביימער. עס וועלנ ניט קלעקנ קיינ האָניק די פּוילישע אָרדעס!

ניט צו דורכגיינ איז אפנ שליאכ. ניט ארײַנצושטעקנ א פוס אינ די בלאָטעס. די אָזערעס מיט טשערעט באוואָקסנ, איבערגעקערטע טשאָוונעס שווימענ אומ ווי די קליינע אקולעס מיט די בײַכער ארופּ. ווּ א בריק—איז אופגעריסנ, ווּ א הרעבליע—איז צעטראָגנ.

— גייט אוועק פונ אונדזער היים, פּריצעמלעכ! פארלאָזט אונדזערע כאלופּקעס! פּיאוו־קעס, מיר ווילנ פרײַע זײַנ!

— מיר ווילנ ניט קיינ יארמעס אפ אונדזערע רוקנס.

— ארויס, פּריצעמלעכ, פונ אונדזער היים! מיר ווילנ ניט קיינ פעטליעס, מיר ווילנ אײַער טויט דערזענ!

— ארויס שליאכטע.

יעדע נאכט האָבנ נײַע פײַערנ דעמ הימל געבאקט. גרויסע שטיקער פײַערנ פרעסנ הויכע צעשטראלטע מאיאָנטקעס מיט גלעזערנע ווערענדעס אונ מיט צעמאָלטע קאָלאָנעס.

אפ שליאכנ וואלגערנ זיכ איינציקע פארלאָרענע רעדער פונ באצײַטנס אנטלאָפענע פּאנסקע דראָזשקעס.

* * *

אונ אוועק זײַנענ קלאנגענ, אז די רויטע קאָניצע שפּאוט אהער. עס וועט זיכ איצט ניט גרינג אזוי אָפּשלוקערצנ די פּוילישע לעגיאָנענ. פארבײַ וואָקזאלכל יאָגנ, ווי וויכערס, עשאלאָנענ מיט פארוונדעטע. זיי טראָגנ זיכ אפ בארנאָוויטש, אפ לונינעצ, אפ פּינסק.. דרײַ פּאָלקנ זשאָלנערנ האָט די רויטע קאָניצע באמ בריק ארומ רעטשיצע צעשמעטערט. ניט גרינג וועט זיכ אָפּשלוקערצנ די פּוילישע אָרדעס!

— מענ הערט דערווײַל עפּעס גאָרניט פונ ארטיאָמענ? עס גייענ „טשוטקעס", אז ער שנײַדט זיכ וואָס נעענטער צומ סאמענ פראָנט מיט זײַנ אָטריאד, מענ האָט צעטראָגנ קלאנגענ, אז מע האָט געכאפּט ארטיאָמענ מיט זײַנ שטאב אונ מע פירט זיי מיטנ עטאפּ

פונ דאָרפ צו דאָרפ, אז עס זאָל פאלנ אנ איימע אפ אלע בונטארעס. אינ יעדנ דאָרפ. ווי מיט בערנ, שפילט מענ זיכ מיט זיי אָנ אונ מע פירט וויַטער.

מע זאָגט, אז א מיליאָנ מארק האָבנ די קולאקעס פונ דאָרפ קוריקאָווקע באקומענ פאר דעמ קאָפ פונ ארטיאָמענ.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט? ווער האָט דאָס געזענ? אונ ווער האָט דאָס געהערט?

נעכטנ באטאָג איז דאָ דורכגעגאנגענ איינער א שווארצער, אנ איַנגעוויקלטער אינ שמאטעס אונ האָט פאר די דאָרפישע באבעס דערציילט,—מע פירט אהער, באבולעס, ארטיאָמענ מיט זיַנ שטאב. אינ דאָרפ קוריקאָווקע א בונט זיכ אופגעהויבנ. ארומ וואלירשע האָט מענ פארהאקט מיט העק די דריַ קולאקעס, וועלכע האָבנ דעמ קאָפ פונ ארטיאָמענ ארויסגעגבנ.

קיינער האָט ניט געגלויבט אָט דעמ שווארצנ, וואָס אינ די שמאטעס. מע האָט אימ אָנגעקוקט ווי א מעשוגענעמ. די באבעס, זיצנדיק אפ די בערגלעכ אש, בא די הוילע קוימענס, האָבנ א לענגערע צייַט נאָכגעקוקט אינ דער הוילער פלייצע פונ דעמ אָפגעריסענעמ, אָפגשליסענעמ. אונ נאָכדעמ געשפראָכנ זייערע קינדער א גוט־אויג.

— אפ פוסטע פעלדער אונ וועלדער זאָל פאלנ צעווייענ אפ סאָנימשע קעפ—פו־פו.

דער קראנקער אודושלעוועך פישער אכרעמ האָט זיכ דאנ א גאנצנ טאָג געשארט מיטנ טשאָוונ אינ דער נאָענטער אָזערע, געבוישעט גלאט אזוי די טויטע וואסער אונ אלצ אויסגעקוקט אפנ וויַטנ שליאכ, צי מע פירט ניט קיינ מענטשנ?

עפשער אנ עמעס, אז מענ האָט געפאקט ארטיאָמענ?

* * *

דער פרימאָרגנ אינ אָנהייב יול איז געווענ א געדיכטער, א פארנער אונ האָט געשמעקט מיט אלע רויכעס פונ זומער. ס'האָבנ וויַטער ביימער־שפיצנ אומגעוואָרפנ ווי מיט הענט דאָס פיצל אופגייענדיקע זונ, ווי א פילקע געשלעפט זי פאר די הערנער אפ ארופ אינ וויַטנ הימל אריַנ. מע זעט ניט אינ פרימאָרגנ קיינ טשערעדעס טריַבנ, מע הערט ניט קיינ הענער־קריי.

פונ איינ עק דאָרפ האָט דאנ א וואָלקנ שטויב גענומענ יאָגנ פארשטעלט דאָס פיצעלע זונ.

— עמעצנ פירט מענ דאָרט אינ יענעמ עק דאָרפ? אָט זעט מענ ווי עס קוליענ זיכ אולאנאָוצעס אפ הויכע פעטע אויסגעמושטירטע פערד. ס'דאכט, אז די פיס בא די פערד ברעכנ זיכ אונטער אונ די קעפקעס מיט די אָדלערלעכ פליַענ אראָפ פונ די קעפ פונ אולאנצעס.

— ווער האלאָשעט דאָס אינ יענעמ עק דאָרפ? ווער קושט דאָרט די זאמד?

עס פארגייט זיכ דאָרט די האָרבאטע פיאָקלע טראָפימס מאמע. א דארע־לאנגע האָט זי זיכ אפנ מיטנ פונ גאס אויסגעצויגנ אונ איבער איר שפרינגענ קאָפיטעס.

— מע פירט דאָכ איר זונ טראָפימקענ. הענגענ פירט מענ איר זונ.

— גיט מיר אָפ מיַנ קינד „גראביטעליעס"!—טראָפימיטשקע! זונעלע! ווי אינ פוסטע גריבער פאלט איר קאָל. אינ א פוסטער וועלט אריַנ איר געוויינ.

— טראָפימיטשקא, זונעלע!

— מארפוסקא! טאָכטער מיַנס!—ווּ ביסטו?

פארשטעלט פון אלע זײַטן מיט ביקסן, האָט מען געפירט 7 געבונדענע. 7 פארשטויבטע, זיבן לײַוונטענע קאָסטיומען, זיבן צעלעכערטע סוויטקעס, זיבן צעבײַלטע קעפּ.

דער ערשטער האָט געשפאנט מיט א ברייטן טראָט איינער א הויכער, א ברוינער קראסאוועצ, מיט א גרויסן אראָפּגעלאָזענעם טשוב איבער די אויגן. זײַנע באָרוועסע פיס האָבן געלאָזן אפן זאמד גרויסע טיפע סטופּאקעס. די קאָפּ איז בא אים געווען עטוואָס אראָפּגעלאָזן . די פּלייצע עטוואָס אויסגעבויגן.

הינטער אים פארמאָרעט, פארשווארצט איז געגאנגען טראָפימקע און, דאכט זיך, זײַנע יונגע אויגן האָבן באוויינט, אָנקוקנדיק דאָס אָפּגעברענטע דערפל. פארמאטערט אזוי האָט זיך געשלעפּט מארפוסקע, זײַן געליבטע, ארום זײַן לינקער זײַט און די בלויע סיניאקעס אפּ איר פּאָנעם דעם עטוואָס אָפּגעברענטן, האָבן אויסגעזען ווי לאנגאָניקע שראמען. די צעפליקטע קאָפטע אפּ איר לײַב האָט שטארק אזוי געפּאָכעט און געטריבן וואָלקנדלעך איבער איר ווײַסער קאָפּ. די איבעריקע פיר געבונדענע זײַנען געגאנגען בא די ברעגן קוים געשלעפט די פיס, געהאלטן פארשטשעמעט די דזשאסנעס און בא יעדערן אין די אויגן האָט זיך געשפילט דער טויט.

מען פירט הענגען זיבן פּארטיזאנער. ארטיאָמען מיט זײַן שטאב פירט מען צום דעמב.

— גיט אונדז אָפּ די קינדער, פריצים פּאסקודנע!

— טראָפימעטשקע, זונעלע!

— מארפוסקא, ווו ביסטו? טאָכטער, הוקע זיך אָפּ.

— אָ באָזשע מוי!—דזועטאָטשקי—ליכא מעניע! ראטויצע!

פון גרעבליע אין פּרוד איז פּלוצלונג אזוי פארשוואונדן די אלטע האָרבאטע פּיאָקלע, טראָפימקעס מאמע. ס'האָט די וואסער א לענגערע צײַט געדרייט זיך אין א ראָד. זיך געבלאָזן, געשפּריצט.

איר לײַנענע טיכל האָט א לענגערע צײַט געשווומען אפן וואסער און זיך געבלאָזן ווי א ווילדע קאטשקע.

* * *

אונטער זיבן שווערע קערפּערס בויגט זיך א דעמב, עס ברעכן זיך די צווײַגן. די פארגאנגענע זון אין א ווײַטן עק וועלט באגיסט זיי מיט זודיקער בראָנזע, פארבאקט די פרישע בלוטיקע וווּנדן אפּ זייערע היילע לײַבער.

אפן סאמען העכסטן סוק פון דעמב האָט זיך אומגעוויגט אזוי פּאראקשנט ארטיאָם דער ברוינער „קראסאוועצ".

— וווּהין איז אהינגעקומען זײַן שיינקײַט? ווער האָט עס אוועקגערויבט זײַן קראפט? מע האָט אויסגעשטאָכן די אויגן בא דעם ברוינעם קראסאוועצ, אויסגעשניצט א סערפּ און האמער אפּ זײַן ברוסט און ווי א קוסט ארויסגעריסן זײַן שווארצן טשוב פון קאָפּ.

אזא שווערער שטיינערנער האָט ער געצויגן אפּ אראָפּ דעם גראָבן סוק און ס'האָט פון אים געווייעט אן אײַזערנע דראָענדיקע קראפט. זײַנע לעכער אין שטערן האָבן געוואָרפן אזא ציטער אפן ארום און ס'האָט זיך אין זיי געשפּילט א טיפער אָפּגרונט. די בלוטיקע וווּנד אפן הארצן איז נאָך געווען פריש, האָט געשוימט און אונטערן גלאנץ פון זון האָט עס אָפּגעשפּיגלט ווי א ברוינער שארפער אָרדען. זײַנע הענט פארקוועטשטע אין גרויסע קולאקעס האָבן געדראָט און אָנגעזאָגט דער וועלט—ס'וועט ניט זײַן געשענקט, ס'וועט ניט זײַן געשענקט.

אונטער אים, ווי א שטיל פארכאָלעמטער האָט זיך פאמעלעך אומגעוואקלט טראָפימקע, פראָכאָר בוזשאנס איינ און איינציקער זונ. די קודלעס די שווארצע אפ זייַנ יונגנ פּאָנעם האָבנ זיך ווי אָנגעצונדנ און געברענט אנטקעגנ זונ מיט אזא מינ שוואכנ פייַערל. און ס'האָט געדאכט, אז אָט אָט כאפּט ער זיך אופ אָט דער טראָפימקע, וואכט אופ פונ א שיינעמ כאָלעמ. די אויגנ זייַנענ בא אימ געווענ פארמאכט, ער סטארעט זיך עפענענ זיי און קאָנ ניט.

גאָר נאָענט ארומ אימ איז געהאנגענ זייַנ געליבטע מארפוסקע. דאכט זיך, אז גרינגינקע ווינטעלעך שלעפערנ זי אייַנ און הוידענ זי פאמעלעך ניט אפ א פעטליע, נאָר אפ קליינער קאטשעליע.

אזא ברוינע פארב האָט גענומענ שפּראַצנ פונ איר רייצנדיק פּאָנעמ. איינ אויג איז בא איר געווענ נאָך אָפנ און געקוקט האָט די אויג אזוי ווייַט, ווייַט, ווי אינ א טיפער פאנטאזיע.—געבענקט האָט די אויג און ניט געוואָלט זיך פארמאכנ. ווי אפ צעקלוימערשט האָט זי פארביסנ א ווייַסע ליפּ. פונ איר אָפענער צעפליקטער הארצ זייַנענ געפאלנ אפ אראָפּ שווערע בלייַענע טראָפנס.

בא די איבעריקע פיר געהאנגענע זייַנענ געווענ אויסגעקערט די פּענעמער איינע צו די אנדערע, דאכט זיך, אז זיי האָבנ אָנגעהויבנ ריידנ, נאָר אינ האלדז איז פארוואָרגנ זייער קאָל. פונ די מייַלער, דאכט זיך, שלאָגט ארויס נאָך א לעצטער אָטעמ, א הייסע פארע, ס'פילט זיך נאָך ווארעמקייַט פונ לייַבער און צאפּלעניש פונ הערצער.

צופוסנ פונ דעמ איז געלעגנ מיט צעלאָזענע פליגלענ דער אלטער ווייַסער אומשולדיקער בושעל און געשאָלטנ האָט ער אינ הימל ארייַנ מיט אנ אָפענעמ בלוטיקנ אויג.

* * *

ס'איז ניט קיינ מייַסע, ס'איז ניט קיינ לעגענדע. אזוי איז דאָס געווענ אינ יאָר אינ יענעמ 1920־טנ. ס'שטעלט זיך אונדז איצט פאָר ווי א שווערע מייַסע, ווי א טרויעריקע ווייַטע לעגענדע.

אויב איר וועט אמאָל זייַנ, מייַנע ליבע, אינ יענעמ קאנט אינ מייַנ היימלאנד—פּאָליעסיע, זאָלט איר גיינ אָנקוקנ יענעמ טרוכליאווונ דעמב, וואָס שטייט נאָך הייַנט באמ קרייצ פונ די וועגנ. לייענט איבער אפ דער צוגעקלאפּטער מארמאָר־ברעטל צו די קאָרע פונ דעמב פּאָלגנדע שורעס:—אייביקער אָנדענק זיבנ קעמפער פונ באפרייַונג.

ניט פארגעסט פארשרייַבנ זייערע נעמענ און דעמ טאָג, ווענ זיי האָבנ זיך געזעגנט מיטנ לעבנ.

איר זאָלט אָפּגיינ אביסל אָנאזייַט טאָל אראָפּ צומ אָלכע־וועלדל און טרינקט זיך דאָרט אָנ מיט קרענעצע־וואסער, און נאָכדעמ לאָזט זיך גיינ גלייַך מיט דער סטעזשקע, וואָס פירט אינ נאָענטנ קאָלווירט „פרייַהייַט”, דאָרט וועט איר זיך באגעגענענ מיטנ אלטנ פראָכאָר בוזשאנ, מיט דעמ עלטסטנ בריגאדיר, מיטנ סאמנ כאָשעווסטנ מענטש פונ קאָלווירט. איר וועט זיך דאָרט זענ מיט דעס אמאָליקנ פאסטעך פאנאס דודע, דער הייַנטיקער פיצוכטלער און דער מיטגליד פונ קאָלווירט־פארוואלטונג.

אינ מאשינ־טראקטער־רעמאָנט־ווארשטאטנ באמ מ.ט.ס. זעצט נאָך פעסט מיטנ האמער יאנקל דער קאָוואל, דער זעלבער יאנקל בא וועמענ ארטיאָמ האָט זיך א גאנצנ ווינטער און סטיאָפּקע אויסגעבאהאלטנ און דאָרט צוזאמענ מיט אימ פאריכט בערדיאנקעס און געשארפט פּיקעס. דאָס בילד פונ ארטיאָמקענ הענגט נאָך הייַנט בא יאנקלענ אינ שטוב

אפּן וואנט אנטקעגן טיר. ס'איז נאָך איצט אויך גרינג צו איבערלייענען א קורצינקן אונטערשריפט אף די ברעגלעך פון פאָטאָגראפיע:

— מײַן בעסטן פרײַנט, דעמ קאָוואל יאנקלען פון דעמ בראנסקן שליאָסער ארטיאָמ טורענקאָוו.

איינמאָל אין יאָר, אין א טאָג אזא זומערדיקן, אין טאָג פון באפרײַונג, קלײַבן זיך ארומ דעמב אסאך ארומיקע שטעטלעך און קאָלווירטן. פארנאכט צעברענען זיך גרויסע שײַטערס ארומ דעמב, עס קרײַזלען זיך פאָרלעך, עס צעשפּילן זיך פלייטעס, און צעצימבלען זיך צימבאלעס.

א גרינג ווינטל טרײַבט אין הימל פרישע וואָלקנדלעך און שפּרייט אויס איבער דער ערד דורכזיכטיקע פריידיקע שאָטנס.

עס צינדט פײַערלעך א געדיכטע נעץ מיט קאָלווירטן. עס גריסן זיך איבער מיט פאָנען יאָנטעוודיקע אויסגעפּוצטע שטעטלעך.

ביז שפּעט אינדערנאכט ברענען די שײַטערט ארומ אלטן דעמב, אין א גרויסער קאָראהאָד פארקייטלט זיך און פארדרייט זיך] אזש ביז איבער דער קרעניצע ווײַט-ווײַט אף קילאָמעטערס.

און זיבן אלטע, מיט אָנגעצונדענע האלעוועשקס-פאקלען אין די הענט, טאנצן אפּן מיט פון קאראהאָד און זעען אויס ווי לעגענדארע פײַערלעכע, דערהויבענע.

ביז ראָזן פארטאָג הערט ניט אוף קלינגען אין הימל א מונטערער דערוואכטער געזאנג פון באפרײַונג.



כ׳ גאָלאָדעד — פאָרזיצער פון ראטפאָלקאָם ווססר.

מ. טייף

# טויט אָדער רויט

## אויסצוג פון א פּאָעמע

...די פאפיר האָט מען געפונען
צוגעקלעפט צום הויז,
נאָר אונדזער שמוליק איז געלעגן
שטיל. טויט.

אפ זײַן קאלטן קערפּער
א רויט־סאמעטענע פאָן—
און אין שטאב האָט בייז
געקלונגען דער טעלעפאָן.

און דער פערד פון גוטן האָבער
האָט זיך אויסגערוט,
און פון זאָטל האָט מען אָפּגעוואשן
שמוליקס בלוט.

טיף אין סאָסנע־וואלד
איז שוין די נאכט אוועק...
א האָרן רופט.
א האָרן שפּילט—
און וועקט.

עס טאָגט.
און די זאווײַ
האָט זיך פאמעלעך אײַנגעשטילט,
א רויטער האָרן
רופט!

א רויטער האָרן
שפּילט!
בלאַנקען שווערדן,
פּאָכען שווערדן,
ווינטן שפּילן
אױף די פּאַנען;
קעגן פּאָלקן
פון די ווײַסע
פליִען רויטע
עסקאַדראָנען.

פליִען רויטע
עסקאַדראָנען —
דורך געדיכטע
וועלדער אַלטע,
איבער טראַקטן,
איבער וועגן
ווער וועט קענען
זיי פאַרהאַלטן.

ווער וועט קענען
זיי פאַרהאַלטן,
אָט די דרייסטע
רויטע רײַטער
און זיי טראָגן זיך
צום שטעטל,
ווי א וויכער
א פאַרשײַטער.

ווי א וויכער
א פאַרשײַטער
טראָגן זיך
די פערדעלעך,
און עס קלאַפּן
אָן די זאָטלען
אָנגעשאַרפּטע
שווערדעלעך.

אָנגעשאַרפּטע
שווערדעלעך,
און אָנגעשלײַפטע

שפּיצן,
אין די קרומע
שיירעלעך,
ליגן
ווי די בליצן.

זיי וועלן באלד
ארויסשפּרינגען,
א דונער טאָן,
א פײַפ טאָן,
און ווי שנײַדנדיקע
ווינטן
אַפ די קעפּ
א גרײַפּ טאָן.

אַפ די קעפּ,
און אַפ די אקסלען
פון די ווײַסע
סאָנים—
פליִען מיט די שארפע
שווערדן
רויטע
עסקאדראָנען!

רויטע עסקאדראָנען
פליִען
גיט א וועג זיי
וועלדער!
רויטע עסקאדראָנען
פליִען—
גיט א וועג זיי,
פעלדער!

גיט א וועג זיי,
ווײַסע פעלדער!
ווינטן,
מאכט א ווארע!
פון די גריוועס,
פון די זאָטלען
קלאַפּט
א הייסע פארע.

הייבן זיך די פערד,
ווי ווינטן,
און זיי טראָגן זיך
צום שטעטל,
און די שארפע שווערדן
שנײַדן!
און די טלאָען
טרעטן!

לידער פרייל̃עכע
פון רײַטער
האָט דערהערט
די געגנט
און ס'האָט דאָס שטעטל̃ע
מיט פרייד
די אויסלייזער באגעגנט...

* *

שמידן
מיט די הארטע בערד,
און שוסטער
אײַנגעבויגענע,
דארע שנײַדער
מיט צעבראָכענע
שפאקולן
אף די אויגן.

גארבער
מיט פארברענטע הענט,
און ארבעטער
פון הוטע.
אויסגעמאָגערטע
באטראקעס
פון די רײַכע
כוטערס.

יידענעס
דערשראָקענע,
פארקוטעט
אין פאטשיילעס,
ווי די הינער

אפ די פריזבעס
וואָרקען
און דערציילן...

בא דעם קאָוואל
אפן קוימען
האָט דער האָן
געקרייעט
נאָך אזא מין
לאנגן שווייַגן
וויל ער זיך
דערפרייען.

עפנט ער
זייַן שארפן שנאָבל,
און ער פאטשט
מיט זייַנע פליגל,
און ער גראבלט
מיט די לאפקעס
אָן דעם קאלטן
קוימען־ציגל.

פריילעך איז אין שטעטל,
רוישיק,
הענער קרייען,
קעלבלעך מעקען,
קינדער לויפן,
בילן הינט
און פריילעך
דרייען מיט די עקן.

האָבן זיך
צעעפנט לאָדן,
האָבן זיך
צעסקריפעט טירן:
רויט־ארמייער,
קומט אריַין,
קומט אריַין־זשע
קאָמאנדירן.

זעצט זיך, ברידער
בא די טישן.
ווארפ אראָפּעט
די שינעלן,
קרויט איז דאָ, —
און ברויט איז דאָ —
עסט געזונט,
אויב ס'איז געפעלן.

עסט געזונט,
און טרינקט געזונט,
רויטארמייער,
ברידער,
ווארפט אראָפּ
פון זיך די שטיוול,
ווארעמט אָן די גלידער.

נעמט אראָפּ
די הייסע זאָטלען
פון די פערדעלעך
די מידע,
די פּאָדקאָוועס
וועלן פינקלען
אפ די קני
פון אלטע שמידן.

די צעלעכערטע
שינעלן,
און די שטיוול
גיט אהערצו,
אלטע שנײַדער,
אלטע שוסטער
מיט די אויסגעדארטע
הערצער —

ווו מע דארפ
וועלן פארלאטען,
ווו מע דארפ
וועלן פארנייען,
לעבן זאָלט איר
אויסלייזער,
ברידער, רויטארמייער!

סאָרע קאהאַן

# ס'שטייט דער פאָרזיצער און רעדט

I

טוסט הײַנט אָן אַ נ אָרדענ
מײַנ רויטע רעפּובליק,
האָסט אויסגעטאָן דײַנ טאָרבע
מיט פּופּצנ יאָר צוריק.

דײַנע זומפּנ טרוקנ,
דײַנע פעלדער רײַכ,
דײַנ צעקרימטער רוקנ
האָט זיכ אויסגעגלײַכט.

נאָר די אַלטע קליאָנענ
בא דעם נײַעם וועג
פּרוּווּנ נאָכ דערמאָנענ
יענע שווערע טעג.

הויב איכ אָן דערמאָנענ זיכ
אַפ ווילדקײַטנ פונ פאַנ,
דערמאָנט זיכ די לעוואָניכע
וואָס דו האָסט אימ געטאַנצט.

— — — — — — — —

דערפעלעכ צעהויקערטע,
הײַזלעכ—שטיקער שטרוי;
מענטשנ דאָרט צעכוישעכטע,
מענטשנ—שטיקער וויי;

הויפנ, פוסטע שײַערנ —
נאָכ פונ קינדווײַז אָנ
כ'האָב דעמ ווייטאָק אײַערנ
דערפילט דאָרט אונ דערקאָנט.

פרווט נאָר ווער צעשרײַען זיך —
מערער נאָך מע דריקט,
פילן שטומע הײַזעלעך
אז מע ווערט דערשטיקט.
— — — — — — — — —

איך געדענק אים אלץ נאָך,
איך געדענק אים גוט
סטעפאנ דעם אלטנ פאסטעך,
זײַנ אלטע ברייטע הוט.

ניט קיינ ערד, קיינ הײַפעלע,
קיינ בעהיימע, ניט קיינ הונ,
נאָר א דינינקס פײַפעלע
אונ פעלדער פול מיט זונ.

א הײַזל—א קאנורקעלע
אינ טאָל דאָרט, אָנ א זײַט
אונ א טאָכטער דוניעלע
מיט צעפ, ווי שטיקער זײַד.

בא דעם פאָרעצ קאזימיר
איז מיט דעמב געשניצט די טיר,
איז מיט בלעך געדעקט דער דאך
אָקסנ, בעהיימעס, פערד אסאך.

בא דעם פאָרעצ קאזימיר
שטייט אינ פאלאצ א קלאוויר,
ווענ דער פאָרעצ נאָר פארטראכט
שפילט מענ דאָרט א גאנצע נאכט.

בא דעם פאָרעצ קאזימיר
קנעכט אונ דינסטנ אָנ א שיר,
ס'האָט נאָר דוניע אים געפעלט,
האָט ער דוניענ זיך באשטעלט.

גלעקלעך קלינגענ,
גלעקלעך קלינגענ,
אונ די פערד די זאטע שפרינגענ,
שפרינגענ פעלדער טאָל אונ וואלד
ס'פאָרנ פריצים אפ א באל.

און באַם פּאָרעץ קאזימיר
זײַנען טישן געסערווירט
מיט קרישטאָלענעם געפעס,
בא דעם פּאָרעץ זיצן געסט.

ווײַסע האנט־שו, שווארצע פראקן,
ראָזע פודער אפ די באקן.
גאָלד און זילבער און אנטיקן
אלע, אלע טויזנט גליקן.

פון די פלעשער גיסט זיך ווײַן,
פון די לאָמפּן גיסט זיך שײַן,
גיט דער פּאָרעץ זיך א קער:
ברענגט אונדז דוניען נאָר אהער,
זאָל זי אויכעט טרינקען ווײַן,
ס'וועט שוין אומעטיק ניט זײַן,
כ'וועל געפינען איר א מאן,
דעם מעשוגענעם איוואן...

אלע לאכן, אלע ווילן
מיט דער שיינער דוניען שפּילן,
און די געסט ווי בערן ברומען,
זאָל זי קומען, זאָל זי קומען.

גיט דער פּאָרעץ קאזימיר
מיט די וואָנצבן נאָר א ריר,
גיט א ריר נאָר מיטן האנט —
א לעוואָניכע אונדז טאנצ!
גיט א קאָל, א באס א ריטשע:
גיכער, טאנצ שוין דו מוזשיצקע.

שטייט נאָר דוניע ווי פארשטוינט
און זי ווייס ניט וואָס מע מיינט,
נאָר זי פילט ווי מוטנע אויגן
אין איר לײַב זיך אײַנגעזויגן,
אפ איר קערפּער אפן שלאנקן
פויזען קאלטע נאסע שלאנגען.

זעט פאר זיך שוין גאָרניט דוניע
נאָר א טיפן קאלטן ברונעם,
דוכט זיך אויס איר אז זי פאלט,
עפעס ווארפט מען זי מיט גוואלד
און די פידלען מאָדנע קוויטשען:
„גיכער טאנצ שוין דו מוזשיצקע".

גיט די פיאטעס איר א ברי
און ס'צעטרייסלענ זיכ די קני,
אוג ס'צעהוידענ זיכ די פיס
און אינ הארצנ גיט א ריס.

עכ, לעוואָניכע פארפלוכטע
האָסט מײַנ ווייטעק ניט פארזוכט נאָכ
איז ביז וואנענ־זשע, ביז וואנ
וועל איכ טאנצנ פארנ פאנ?
שטילער קלעזמער, פידלענ שטיל
כ'וויל ניט דינענ פאר קיינ שפיל.

ס'האָט פארכמורעט זיכ די נאכט,
ס'האָט דער הימל זיכ פארטראכט
און דער פאלעצ האָט געלאכט...
— — — — — — — —

II

ס'ליגט אינ שטילנ אומעט
אײַנגעהילט א דאָרפ,
ס'איז א שווערער זומער
ס'איז א שווערער יאָר.

פעלדער ניט פארזייטע,
פלייטנ ניט פארצאמט,
קינדערלעכ פארוויינטע
שפילנ אפנ זאמד.

און די הײַזלעכ שטומע
זײַנענ פול מיט שרעק,
אנ אָטריאד געקומענ,
אנ אָטריאד אוועק.

ס'ארט ניט די געשרייענ
קיינעמ ארט דער קלאָג,
נאָר די הענער קרייענ
יעדערנ פארטאָג.

אינעמ שטיבעלע בא דונקענ
שטענדיק שטיל און שטענדיק טונקל,
ס'איז אוועק שוינ לאנג איר מאנ,
ס'איז איר מאנ א פארטיזאנ.

אונ דאָס קינד, וואָס אפּ די הענט
האָט קיינ טאטנ ניט געקענט.
— — — — — — — — — — — —

דוניע שלאָפט ניט, דוניע וואכט,
אַטאָ הערט זי ווי מע קלאפּט
אונ זי פילט שוינ ווי איר הויפ
איז אזוי ווי אינ א רייפ.

ס׳קלאפּנ שווערדנ, ס׳קלינגענ שפּאָרנ,
ס׳ווערט דאָס הײַזל פול מיט צאָרנ,
ביקסנ, שאָמפּאָלעס, פּאָגאָנעס
פונ פּילסודסקעס לעגיאָנעס.

קוקנ אלע איצט אפ דונקענ
אויגנ זשעדנע—אויגנ פונקענ.
גיט א שטימע זיך א כאפ,
לאָמיר פירנ זי אינ שטאב,
אונדזער באטקאָ אטאמאנ
איז ניט קיינ שלעכטער יונגערמאנ.

דוניע רוקט זיך שטיל צום וואנט,
ס׳כאפּט איר אָנ א שטארקע האנט,
קומ קראסאוויצע ניט וויינ,
דו וועסט זײַנ דאָרט ניט אליינ
אונ דײַנ מאנ דער באָלשעוויק
הענגט שוינ לאנג דאָרט אפּ א שטריק.
— — — — — — — — — — — —

בא ריגאָר דעם באלעגופ
איז א שווערער דיקער גופ
אונ א שטוב, אי הויכ, אי ברייט,
סאמאָהאָנ א גאנצע קלייט.
פרעמדע פּראצע, מי ניט קנאפּ —
איז דאָס הײַנט בא אימ דער שטאב.

אפּ א נײַינקענ טאפּטשאנ
זיצט ער גלײַב מיטנ אטאמאנ,
פלעשער—פולע אפנ טיש,
שטיוול גלאנצנ אפּ די פּיס.

קוקט עס דונקע אפנ שטאב,
גיט א צאָרנ זי א כאפּ
ס׳ווילט זיך נעמענ א נאהאנ

און טרעפנג גלײַך אין אטאמאנ.—
נאָר די הענט זײַנען געבונדן
און עס װײטיקן די װונדן.

הײבט זיך אופ דער אטאמאנ,
גיט צו דוניען גלײַך א שפאנ,
גיט א לײג אפ איר זײַן האנט
און װינקט אונטער דעם סערזשאנט...

שרײַען שיקערע פאָזנאנצעס
זאָל זי פריִער עפּעס טאנצנ.
גיט א שאָמפּאָל גיך א גלאנצ:
א לעװאָניכע אונדז טאנצ
און א קאָל א גראָבער ריטשעס:
גיכער טאנצ שױנ באָלשעװיטשקע.

דוניע שטײט אנטקעגנ פענצטער,
זעט איר שטיבל איז פארברענט שױנ,
ניט קײנ שטוב און ניט קײנ הײם,
און דער מאנ הענגט אפ א בױם.
און פונװײַטנ ערגעצ בליצט שױנ:
גיכער טאנצ שױנ באָלשעװיטשקע.

גיט די פּיאטעס איר א ברי,
און ס׳צעטרײסלען זיך די קני
און ס׳צעהוידען זיך די פיס
און אין הארצנ גיט א ריס.

עכ, לעװאָניכע פארפלוכטע
האָסט מײַן װײטעק ניט פארזוכט נאָכ,
איז ביזװאנען-זשע,—ביז װאנ
װעל איכ טאנצנ פארנ פאנ.
שטילער קלעזמער פידלען שטיל,
כ׳װיל נים דינען פאר קײנ שפיל.

ס׳איז די ערד און הימל רױט
און א װינט א שטארקער װײט,
און דער װײַסרוסישער װאלד
האָט מיט קוילן זיך צעקנאלט.

— — — — — — — —

III

אין קאָלווירט „בודיאָני“
איז א גרויסע פרייד,
אין קאָלווירט „בודיאָני“
איז יעדער הא פּארזייט.

אין קאָלווירט „בודיאָני“
היַיזער פול מיט זון,
דער קאָלווירט „בודיאָני“
פיַיערט עלפטע יול.

ס'זיַינען פעלדער פול מיט זעט
ס'שטייט דער פּאָרזיצער און רעדט.
זי דערמאָנט דעם ווילדן פאן,
זי דערמאָנט דעם אטאמאן
און איר מאן דעם פארטיזאן.

זיצן אלע און מע הערט,
שטייט מען אוף און מע באערט
די געפאלענע אין שלאכט,
אין יענעם יאָר, אין יענער נאכט.

שטייט די פּאָרזיצערן דוניע
אינדערהויכ אפן טריבונע
זי באקוקט דאָס פולע פעלד
און איר פּאָנעם לויכט און קוועלט.

קוקט די פּאָרזיצערן דוניע
אפ די קינדער פון טריבונע
און ס'צעקלינגט זיך שטאָלץ איר קאָל
איבער פעלד און וואלד און טאָל.

ס'איז מיט טישן פול דער זאל,
בא קאָלווירטניקעס א באל,
ס'זיַינען טישן שוין געגרייט,
קלאָרע טישטעכער געשפרייט.

ס'זיַינען טישן געסערווירט
אלץ פון אייגענעם קאָלווירט,
פעטסטע פליישן, בעסטע פישן,

האָניק, סמעטענע, רעדיסנ
אונ א גרויסנ „קאראווײַ"
טראָגנ יונגע מיידלעכ דרײַ.

אונ די פאָרזיצערנ דוניע
נעמט איר טאָכטער הייס ארומעט,
שפּילט זשע קלעזמער, גיכער שפּילט
א לעוואָניכע איכ וויל!

שטייט א טאָכטער מיט א מאמעג
צארט ארומגעכאפּט צוזאמענ
אונ סע שפּילט דער פּאטעפּאָנ
אונ ס'כאפּט אונטער די הארמאָנ:

עכ, לעוואָניכע, לעוואָניכע—מײַנ פרייד
ס'האָט צעבליט זיכ איצט א לעבנ ווי א קוויט,
איז ווי זשע זאָל איכ הײַנט ניט טאנצנ ביז פאָרטאָג,
אז א לעבנ אזא ליכטיקס איכ פארמאָג.

עכ דו פאָריצ, עכ פאָריצ קאזימיר
וואָלסט א קוק טאָנ, וואָלסט א קוק טאָנ איצט אפּ מיר
וואָלסט דערזעענ ווער סע שפּילט אפּ דײַנ קלאוויר
וואָלסטו שטארבנ, וואָלסט פּלאצנ אָנ א ריר...

ס'טאנצנ טישנ, ס'טאנצנ ווענט
אונ א קינד אפּ מאמעס הענט,
וואָראָשילאָוו פונעם פערד
וויל ארפּשפּרינגענ אהער,
וויל זיכ אײַנפּלעכטנ אינ ראָד
אינ דעמ שיינעמ קאראהאָד.

דוניע טאנצט אלצ, ווערט ניט מיד
זי איז יונג הײַנט אונ זי בליט
אונ איר טיכל—רויטער מאָנ,
פאָכט אונ פלאטערט ווי א פאָנ
שטארקער ווערט אלצ איר געזאנג
היי! כאווײרימלעכ! דערלאנגט!

טופּעט, טופּעט, טופּעט פיס,
א לעוואָניכע זיכ גיסט,
א לעוואָניכע איז פרייד —
טאנצט מײַנ לאנד געזונטערהייט!



כ׳ טשערוויאקאָוו — פאָרזיצער פון צאק ווססר

יאקוב קאָלאס

# פאנאס וועט זײַנ אפ דער פרײַ[1]

דער אלטער טאלאש און מארטינ ריל האָבנ דערציילט איינער דעם צווייטנ וועגנ זייערע געשעענישנ, האָבנ זיך אָנגעהויבנ אייצענ וואָס טוט מענ ווײַטער, וווּהינ גייט מענ.

דעם אלטנ האָט ניט געלאָזנ רוענ דער געדאנק וועגנ דער היים, וועגנ פאנאסנ, און די פראגע, פארוואָס איז ניט געקומענ פאנאס, האָט ארויסגערופנ אומרו אינעם אלטנס הארצנ און האָט זיך געלייגט ווי א שווערער שטיינ אפ זײַנע אלטע פּלייצעס. מארטינ ריל האָט אויך געטראכט וועגנ זײַנ היים, וועגנ דער ווײַב און קינדער, וועגנ זײַנ ווירטשאפט. אי דער, אי יענער האָט זיך געדארפט אפ עפּעס באשליסנ זיך, קלאָר מאכנ די לאגע, פּאָטער ווערנ פונ אָט דער ניט זיכערקײַט. מארטינ ריל האָט זיך באגעגנט מיט פארשיידענע מענטשנ און די מענטשנ האָבנ דערציילט וועגנ דער אכזאָריעסדיקײַט פונ דער פוילישער מיליטערשטשינע, וועגנ אירע שרעקלעכע מעשים. און אָט די דאָזיקע אכזאָריעסדיקײַט האָט ארויסגערופנ אנ אלגעמיינע אופרעגונג דאָרט, ווו די פּריצישע מאכט פארפירט אירע פאראָנדקעס, ווו זי באציט זיך באזונדערס גרויזאם צו דער אָרעמקײַט, צו פּערזאָנעס, וועלכע זײַנענ פארדעכטיקט אינ באָלשעוויסטישער רעוואָליוציע. אָט די אופרעגונג קעגנ די פּריצים און קעגנ דער פוילישער אָפיצערשטשינע פלעגט זיך ערטערווײַז אויסגיסנ אינ אנ אופשטאנד. און די פּאָליאקנ נעמענ אָנ אלע מיטלענ אפ אויסוואָרצלענ דעם גײַסט פונ ניטגעהאָרכזאמקײַט. און אָט דער פאל מיט אנטוואָפענענ דעם פוילישנ קאָנוואָי, ווו עס האָט אויך גענומענ אנ אָנטייל מארטינ ריל, וועט נאָכמער אופברענגענ זייער צאָרנ און וועט זיי צווינגענ שטעלנ זיך אפנ וועג פונ וואכזאמקײַט. נעקאָמע און אומבאראכמאָנעסדיקנ צערעכענענ זיך מיט די, וואָס אפ זיי וועט פאלנ זייער כשאד. דער אלטער טאלאש האָט געהערט און האָט זיך געטרייסלט פונ קאעס אפ די פּריצים, אפ דער פוילישער אָפיצערשטשינע, אפ דעם אומרעכט. אָט די דאָזיקע סינע און צאָרנ איז ווי א פײַער פאנאנדערגעגאנגענ זיך איבער זײַנע אָדערנ און האָט פארפילט אלע ווינקעלעך פונ זײַנ נעשאָמע. קיינ ווערטער האָט דער אלטער טאלאש ניט געפונענ אפ ארויסזאָגנ אָט דעם גאנצנ שטורעם פונ זײַנ אופרעגונג און האס צו די אָקופּאנטנ.

— שנײַדנ, בראָקנ, ברענענ זיי, די קאנאליעס, אפנ פײַער!

---

[1] א קאפּיטל פונעם ראָמאנ „דריגווא“. טאלאש איז א פּארטיזאנ, דער הויפּט-העלד פונ ראָמאנ. פאנאס איז טאלאשס יינגערער זונ.

— אָבער די לאגע איז געווען אזא, אז מען האָט געדארפט זײַן זייער פּאָרזיכטיק, קעדיי ניט ארײַנפאקן זיך אין די פריצישע הענט.

דאָס דאָרף וועפּרי, ווו עס האָט געווינט מארטין ריל, איז געווען אפן וועג צו דעם אלטנס דאָרף. צו דעם אלטנס דאָרף איז פון דאנען געווען א קילאָמעטער פיר. זאלבאַ־נאנד איז זיי געווען פריילעכער און היימלעכער, באזונדערס, אויב מע זאָל נאָך נעמען אין אכט מארטינס קאראבין. אָט פארוואָס זיי האָבן טאקע אויסגעקליבן אזא פּלאן: פארגייין צום אלטן טאלאשן, דערוויסן זיך ווי און וואָס, דאָרטן איבערבײַסן און איבערנעכטיקן, אויב עס וועט מעגלעך זײַן. און דאָרטן וועט מען שוין בעסער וויסן וואָס מען דארף טאָן ווײַטער. אין פינצטער פון דער נאכט איבער טויבע וועגלעך און סטעזשקעלעך האָבן זיי זיך געלאָזן מיטן וועג צו זייערע דערפער.

ניט דערגייענדיק א קילאָמעטער אַנדערהאלבן ביזן דאָרף, זײַנען זיי פארבײַגעגאנגען דעם הויפל, וואָס איז געגאנגען ביזן רעכטן דאָרף, האָבן זיך פארקערעוועט אָן א זײַט און פאוואָליע א קער געטאָן זיך צו טאלאשס שטוב, אָפּשטעלנדיק זיך און צוהערנדיק זיך.

ס'איז שוין געווען טיפע נאכט. דאָ און דאָרט האָבן אין די הײַזער געפינקלט טונקעלע פײַערלעך. פונעם צווייטן עק דאָרף האָט זיך הילכיק געטראָגן א הינטיש בילן. אָט דידאָ־זיקע פוסטקײַט און אָנגעצויגנקײַט פון דער ווינטערדיקער שטילקײַט האָט צוגעגעבן עפּעס א באזונדערן שוידער דעם בילן פון א הונט, וואָס עמעצער האָט צערייצט. אין א מינוט צוויי ארום האָבן אָנגעהויבן צושטיין די שטימען פון אנדערע הינט, אי דינע, אי רײַסנ־דיקע, אי גראָבע. לעסאָף, האָט דאָס געביל אופגעהערט און די שטילקײַט האָט ווידער פארהילט דאָס דאָרף.

דער אלטער טאלאש און זײַן מיטגייער זײַנען געשטאנען שווײַגנדיק. ביז עס האָט ניט אופגעהערט דאָס הינטישע בילן. זיי זײַנען געשטאנען אין די קוסטעס, פון וואנען עס האָט זיך ניט דײַטלעך אויסגעמאָלט פון דער פינצטער א שווארצער קנויל פון דעם אלטנס שטיבל...

— שטיי אווײַלע, טײַערער מײַנער, דאָ, און איך וועל גיין דערוויסן זיך, ווי איז דאָרט און וואָס און וועל דיר געבן צוויסן.

מארטין איז געבליבן שטיין אין די קוסטעס און דער אלטער טאלאש איז פארשוווּנדן געוואָרן פון די אויגן, איז צערונען געוואָרן אין דער פינצטערניש. ער איז פּאָרזיכטיק צוגעגאנגען צו דעם נידעריקן פענצטערל פון זײַן שטיבל, האָט זיך אײַנגעהערט און שטילינקערהייט א קלאַפּ געטאָן אין דער פארפראָרענער שויב. די אלטע נאסטיע איז ניט געשלאָפן, געטראכט אלץ וועגן פאנאסן און וועגן דעם אלטן טאלאשן. אָט דערדאָזיקער ניט דרייסטער, פּאָר־זיכטיקער קלאַפּ האָט שטארק פארוווּנדערט די אלטע און האָט געצווּנגען איר הארץ אָנ־הויבן צו קלאַפּן. אזא קלאַפּן אין פענצטער האָט זיך שוין געהערט ניט איין מאָל פאר די לאנגע יאָרן פון איר צוזאמענלעבן מיטן אלטן. זי איז גיך, אפ וויפל איר עלטער האָט איר דערלויבט, צוגעלאָפן צום פענצטער און האָט אויך שטיל א קלאַפּ געטאָן. אלס ענט־פער האָט זיך דערהערט פון הויף ווידער א קלאַפּ אין פענצטער.

בא דער אלטינקער נאסטיען איז שוין קיין שום צווייפל ניט געווען. האָט זי ארופגעוואָרפן אפ זיך דאָס פעלצל, האָט ארײַנגערוקט די פיס אין א פּאָר שקראבעס, פארבײַגייענדיק האָט זי אופגעוועקט מאקסימען.

— דער טאטע איז געקומען!—און איז אוועק עפענען די טיר, סטארענדיק זיך ניט אָנ־מאכן קיין טומל.

איבערטרעטנדיק דעם שוועל פון זײַן שטוב איז טאלאש געבליבן שטיין.

— וואָס הערט זיך?—האָט ער א פרעג געטאָן בא דער אלטער נאסטיען.

די אלטינקע נאסטיע האָט א ווײַלע געשוויגן.

— פאנאסן האָבן די פּאָליאקן צוגענומען!—האָט זי שטיל אָפּגעענטפערט.

דעם אלטן טאלאשן האָבן גענומען טרייסלען די הענט און פיס, א שארפער ווייטיק איז אונטערגעגאנגען סאמע צום הארצן.

— ווען האָט מען צוגענומען?

— נעכטן באנאכט. מען האָט זיך ארײַנגעריסן אין שטוב, געטרייסלט, געשמיסן אונדז, מען האָט געוואָלט דערגיין, ווו ביסטו.

— איז פארוואָס זשע האָט מען אים גענומען?

— עמעצער האָט אונטערגעמאסערט, אז ער איז געגאנגען צו דיר אין וואלד,—האָט געענטפערט מאקסים און גיך זיך אָנגעטאָן.

— מ'האָט אלץ געוואָלט דערגיין, ווו געפינסטו זיך,—האָט געגעבן צו פארשטיין די אלטע נאסטיע.

זי האָט ניט געוואגט אויסזאָגן דעם שרעקלעכן עמעס: פאנאסן וועט מען דעמלט ארויסלאָזן, ווען צו זיי וועט קומען דער טאטע.

וויסט איז געוואָרן דעם אלטן אפּ דער נעשאָמע. א שטילקײַט, א פינצטערניש און אן אומעט האָט אָנגעפילט דאָס שטיבל.

די אלטע נאסטיע האָט זיך אָנגעהויבן פּאָרען ארום אויוון און געוואָלט אָנצינדן דאָס קליין לעמפּעלע.

— — פארהענג א פריִער די פענצטער, — האָט שטילערהייט באמערקט דער אלטער טאלאש.

דאָס ארומשלעפּן זיך און אויסבאהאלטן זיך אין די וועלדער האָט אים געמאכט פאר זייער א פאָרזיכטיקן.

— מיט מיר איז דאָ מארטין ריל. ער איז געבליבן שטיין אין די קוסטעס. ער באהאלט זיך אויכעט אויס ווי איך. איך וועל אים גיין א רופ טאָן. און דו, מאקסים, היט צו אפּן הויף.

אין שטוב איז געבליבן די אלטע נאסטיע אליין. זי האָט שטשילנע פארהאנגען די פענצטער, האָט פאנאנדערגעלייגט פײַער אפּן פריפּעטשיק און גענומען זיך מאכן ווע־טשערע פאר די אומגעריכטע געסט. א שרעק האָט איר אָנגענומען—און וואָס וועט זײַן, אז די פּאָליאקן וועלן קימען? דידאָזיקע שרעק האָט זי ניט אָפּגעלאָזן די גאנצע צײַט, וואָס אין שטוב האָבן זיך געפונען דער אלטער טאלאש און מאקסים ריל.

און זיי זײַנען זיך געזעסן באם טיש און געגעסן וועטשערע.

די יעדיִע, אז מען האָט פאנאסן ארעסטירט, האָט טיף אופגערודערט דעם אלטן טא־לאשן. ער איז געזעסן אן אומעטיקער, מיט אן אָנגעכמורעטן צעקנייטשטן שטערן און האָט געטראכט.

— איין מיטל איז פאראן אפּ ארויסצוראטעווען פאנאסן,—האָט ער שטיל פארטראכ־טערהייט געזאָגט: אָפּגעבן זיך אליין צו זיי אין די הענט. צוליב דעם טאקע האָבן זיי דאָך דאָס געטאָן.

די אלטע נאסטיע האָט טיף א זיפץ געטאָן, באשטעטיקנדיק אָט דעם דאָזיקן ביטערן עמעס.

אפ א ווײַלינקע האָט א שווערע שטילקײַט ארומגענומען די שטוב.

— פאראן אויך א צווייטער מיטל ווי צו באַפרײַען דעם כעוורעמאַן,—האָט צעשטערט די שטילקײַט מארטין ריל:—וועגן דעמדאָזיקן מיטל דארף מען א טראכט טאָן. דער אלטער טאלאש איז מיטאמאָל ווי לעבעדיק געוואָרן.

— זאָגסט מיט אַן עמעס, מארטין!—און דער אלטער טאלאש האָט א טרייסל געטאָן רילן פאר די פלייצעס,—אָבער זאָג, ווי זאָל מען דאָס מאכן?

— מען דארף א טראכט טאָן,—האָט זיך מארטין אויסגעדרייט פון אַ גלײַכן ענטפער, אָבער אין קאָפּ בא אים איז, קענטיק, עפּעס יאָ געווען א פלאן.

— ווייסטו וואָס, דיאדקא ריהאָר,—האָט ער אופגעהויבן די אויגן אפן אלטן טאלאשן:—יאווען זיך צו זיי דארף מען ניט. און טאקע צו וועמען יאַווען זיך? צו אָט דידאָזיקע מענוואָלים? מע וועט דיך אליין אַוועקזעצן דאָרטן און דעם כעוורעמאַן וועט מען גיכער פון אלץ ניט ארויסלאָזן. גיין אהין—הייסט עס אונטערגעבן זיך זיי. א קרענק זיי, אין די זײַטן!

— איך מיין אויך טאקע אזוי, טײַערינקער... עהע! אזוי צי אזוי, אָבער לעבן רויִק וועט מען אונדז סײַווי ניט לאָזן... ניט דו און ניט איך קענען בלײַבן אינדערהיים.

און אראָפּלאָזנדיק די שטים, סוידעסדיק, האָט דער אלטער א זאָג געטאָן אופגערעגט:

— מען דארף זיך איבערפעקלען אין וואלד און ניט זיצן דאָרטן צונויפגעלייגט די הענט און ניט קוקן רויִק פון דער זײַט, וויִאזוי זיי באלעבאטעווען און שאפן זיך מיט אונדז.

ניט דער אלטער טאלאש און ניט מארטין ריל האָבן דערעדט זייערע געדאנקען ביזן סאָף, אָבער זיי האָבן זייער גוט פארשטאנען איינער דעם צווייטן.

— קיין אנדער זאך בלײַבט אונדז ניט צו טאָן, דיאדקע ריהאָר.

— עך, איך האָב ניט קיין גוטע ביקס!—האָט מיט פארדרוס א זאָג געטאָן דער אלטער טאלאש.

ריל האָט צוגעשוויגן: ער האָט זיך געפילט אביסעלע ווי שולדיק פארן אלטן טאלאשן, וואָס בא אים איז פאראן אזא גוטער קאראבין, פון וועלכן מע קאָן אויסשיסן זיבן מאָל נאָכאנאנד.

— אָבער איך וועל זיך קריגן א רעכטע ביקס, אַן עמעסע,—און דער אלטער טאלאש האָט צוגעקוועטשט מיטן פויסט דעם טיש און שווײַגנדיק א ווײַלע, האָט ער א זאָג געטאָן, ווי ער וואָלט ענטפערן אפ זײַנע געדאנקען:

— אָבער איין ביקס איז נאָך וויניק... עס איז נאָך וויניק, ברודערל, איין ביקס, מעג זי זײַן אפילע ווי א גוטע!

— עמעס,—האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ מארטין.

אין שטוב איז ארײַן מאקסים.

— ס'איז שטיל און רויִק,—האָט ער איבערגעגעבן.

די מאנצבילן האָבן זיך אַן אייצע געהאלטן.

די מידקײַט האָט זיי געבראכט צום געדאנק, אז זיי זאָלן דאָ בלײַבן נעכטיקן און מאָרגן באגינען אוועקלאָזן זיך וואנדערן ערגעץ ווײַטער. אזוי האָבן זיי טאקע געטאָן.

מאקסים האָט ווידער זיך געשטעלט אפ דער וואך און דער אלטער טאלאש און מארטין ריל האָבן זיך צוגעלייגט ניט קיין אויסגעטאָנענע.

כאָטש דער אלטער טאָלאש איז געווען זייער אן איינגעמאטערטער, איז ער דאָך ניט גלייך אנשלאָפן געוואָרן. אוויילע האָט ער געשמועסט מיט דער אלטער נאסטיען און דערנאָך, בלייבנדיק אליין, האָט ער געטראכט וועגן פאנאסן, וועגן דעם, ווי צו באפרייען אים פון דער פוילישער טורמע. און אויך האָט ער געטראכט וועגן דעם, ווי קריגט מען זיך א רעכטע ביקס. דעם אלטנס פאנטאזיע האָט זיך אביסל צעשפּילט און איז אומגעצאמט אריבער די גרענעצן פון די רעאלע מעגלעכקייטן, און דערנאָך איז ער געשמאק אנשלאָפן געוואָרן. באגינען האָט דער אלטער און מארטין פארלאָזן דאָס שטיבל און אוועקגעגאנגען אין דער געדיכטעניש פון וואלד. דער וואלד און די פּאָליעסיער בלאָטעס וועלן ווערן זייער איינקומעניש און זייער היים.

איבערגעזעצט—נ. קאבאקאָוו.

איַיזיק פלאטנער

# לידער

## מיַין לעצטע בענקשאפט

די זון כ׳האָב געזען גייט אופ אינדערפרי,
א פעלד כ׳האָב געזען גייט אופ מיט קאָרן;
כ׳האָב ביז איצט ניט געזען א לאנד ווען עס בליט,
און א פאָלק אין זיַינע ייִנגסטע יאָרן.

ווי א מיידל א יונגע גרייסט זיך מיַין לאנד—
דעם לעבעדיקן קאָפּ אין די הייכן,
ס׳איז איר ניט וויַיט דער פארוואָרפנסטער קאנט,
ביז די שטערן קאָן זי דערגרייכן.

כ׳האָב געזען אין דער וועלט די שטיינערנע שטעט,
ווו קליינע פעלקער ליגן געשאָכטן;
אין א נעגערס אויגן דאָס לעצטע געבעט,
דעם שטריק וואָס האָט זיַין האלדז פארפלאָכטן.

כ׳האָב ביז איצט ניט געזען דעם דערהויבענעם גאנג
פון פעלקער צו א נייַעם באגינען,
דעם מעכטיקן שוונג פון לענינס געדאנק,
פון סטאלינס לויטערן זינען.

כ׳האָב בענקשאפטן ווי פערעלעך געקליבן,
אין ציטערדיקע פעריזן זיי פארשריבן,
איז מיר איינע בענקשאפט נאָר געבליבן—
לעבן, שאפן און ליבן.

# רעגן

נא דיר, רעגן, מײַן האלדז און נאקן,
כ'שטעל דיר אונטער ווי א שטיפער מײַן קאָפּ;
דעם אלטן פארבליבענעם צאר אף די באקן,
שווענק מיר אף .אייביק אראָפּ.

פון מאָכיקן דאך פלעגט דער רעגן רינען,
קאפּען אף קליינע פארלאטעטע שויבן,
א שפּין פלעגט די פליגן אין שפּינוועבס פארשפּינען
אין ווינקל שטוב, באם בעליק, אויבן.

און די פעלדער פלעגן קלאָגן,
און קיין ברויט האָט ניט געסטײַעט,
און די כמארעס פלעגן יאָגן,
פונקט ווי בייזע וועלפ א סטײַע.

ס'האָבן אונדז רעגנס געשמיסן, געטריבן,
א ווינט האָט געריסן, געכוויזיקט געלאכט,
ס'איז מיר א ביטערער אָנדענק געבליבן:
א לעבן—א שוידער, א ביקס און א שלאכט.

א גרויער פארנאכט, ס'האָט דער רעגן געמראקעט,
א פינצטערע נאכט, ס'האָט דער רעגן געקלאָגט;
און קינדערלעך באָרוועס און אויפּעלעך נאקעט,
א ווײַסער טויט האָט נאָכגעיאָגט.

דער פײַער פון טויט שוין לאנג פארלאָשן,
פארשוווּמען דער כאָלעם פון ברויט מיט זאלץ,
שוין פּופּצן מאָל דעם קאָרן געדראָשן,
נאָר יענע טעג געדענקען זיך אלץ.

אף אונדזער באפרײַטער ערד איז פארשריבן—
בערגלעך צייכנס, קוואָרים פארזייט,
פון בעסטע זין זײַנען ביינער געבליבן
און ס'זיפצן מאמעס שטילערהייט.

עס פלייצט א רעגן, גיסנאָסן, פאליעס,
טראָפּנס אף גרעזער, ווי דימענטן מאטע,
ס'וויגן פון ווינט זיך די קאָרנס ווי כוואליעס,
די ערד איז פארגאָסן, צופרידן, א זאטע.

דער רעגן לאכט, פארגייט זיך פון געלעכטער,
א גאנצע נאכט איך הער דעם פײַכטן קלאנג;
דאָס זייַנען באגינען קאָלווירטישע טעכטער,
אוועק אין פעלד מיט א געזאנג.

די פיס אינעם געלן געוואשענעם זאמד,
די פענימער פריש און געזונט און רויט.
א יונגער באגינען שמעקט איבער לאנד,
מיט סעדער פרוכט, מיט פעלדער ברויט.

## מײַנע שכײנים

בלאָנדע און ברונעטע,
שיינע און געראָטן,
פול דאָס גאנצע הויז איז
מיט לעבעדיקן אָטעם.

אין דרויסן איז א זון,
אין דרויסן איז פארכמארעס,
מײַנע שכײנים זינגען,
שפּילן אף גיטארעס.

אָוונט, דורכן בלייכן
און לאנגן קאָרידאָר,
גייען זיי געאָרעמט
א פּאָרל נאָך א פּאָר.

קומען זיי אהיים
פרישע פון שפּאציר,
הער איך דורך די ווענט
דאָס שאָרכען פון פּאפּיר.

העלער ווערן לאָמפּן,
ליכטיקער די ליכט;
הער איך ווי זיי לייענען
סטאלינס א באריכט.

און די שטימען זינגען,
מײַנע ליבע שכײנים,
ווערן ווענט צעגאנגען,
זיצן מיר אינײנעם.

יעדער האָט זײַן שפּראַך,
יעדער האָט זײַן פאַך,
נאָר אַלעמען פאַרברידערט
די זעלבע גרויסע זאַך.

עס וועבט זיך יעדנס כאָלעם
אין דער ריינסטער וואָר,
און אַלצדינג איז שוין זיכער,
און אַלעמען איז קלאָר.

אַף אַ ליכטיק שנירל
צילען זיך די טעג,
ס'קײַקלען זיך די וואָכן
איז אַ יאָר אַוועק.

ס'ענדיקט זיך אַ ווינטער
און אַ זומער בליט,
און קיינער ווערט ניט עלטער
און קיינער ווערט ניט מיד.

ס'איז יעדער טאָג אַ נײַער
און יעדע נײַס איז פריידּ,
האָב איך שוין פאַרגעסן,
אַז דאָס לעבן גייט...

מ. ליפשיץ

# פארטיזאנער

א בלינדער פאסטעך האָט פארגעסנ
הינטער וואלד א רויטע זונ,
אונ איַינגעדרימלט אינ פּאָליעסיע
מיט הייַזלעך גרויע א טאבונ.

ס׳שטומט דער קאנט אינ טיפער פוסטקייַט
וואלד אינ וואלד אונ באָר אינ באָר
אונ נאָר באנאכט פונ בעלאָוועזשער פושטשע
ווערנ וועלפ אהער געוואָר.

גאנצ פּאָליעסיע האָט אינ מאָך
פארבראָכנ זיך די רעכטע האנט.
נאָר ווו איז עלנטער א דאָרפ נאָך
ווי אינ מאָזירער קאנט?

ווייַט א באנ—אפ הונדערט ווערסטנ,
ווייַט א שיפ אונ ווייַט א שטאָט,
ס׳האָט וואלד אונ זומפּנ, ניט אויסצומעסטנ,
זיי איבער גוואלד אפ רו פארשטאָפּט.

ווו איז נאָך ווייַסרוסלאנד סומנער?
נאָר איינ פונק אינ אויג, איינ טרער, —
די באָלשעוויקעס וועלנ קומענ,
וועלנ זיי ברענגענ פרייד אהער.

פרייד פאר סוקעוואטע העלדזער,
פאר אקסלענ אויסגעקרימט פונ נויט
אונ יעדע נאכט א נייַער פעלצל
צו מארקוטאָווג קומט שטילערהייט.

בא זיי איז אָנגעשטרענגט דער אויער
אָנגעשפּיצט צו יעדנ ריר;
אָט לייַכטנ דורכ שויב זשבאנטס פּאָקאָיעס
א רענע—אונ זיי קלאפּנ אָנ אינ טיר.

פון רויטער שײַן
א פעטער פלעק,
אפארטיזאן: קלײַב זיך זשבאנט צונויפ אינ וועג.

זשבאנט: דיר איז מײַנ לעבנ טײַער
נעמ צו בא מיר מײַנ האָב,
איכ גיב דיר הייסנ פײַער —
גאָלד א גאנצנ טאָפּ.

מארקוטאָװ: ניט אזא מינ פײַער ברענט
די פארטיזאנער אויגנ,
מיר זאָלנ פאר דעמ קאלטנ בלענד
זיכ ווי די כלאָפּעס בייגנ.

זשבאנט: וואהינ וועסטו מיר פירנ
ס'איז טײַער דיר מײַנ קאָפּ,
איכ גיב מײַנ בעסטע צירונג
דיר אינגאנצנ אָפּ.

מארקוטאָװ: ווי אלע צירונגענ אינײנעמ
איז טײַער אונדז די פרײַע שײַנ, —
זי וועט קומענ, ווענ אזוינע
ווי דו וועלנ מער ניט זײַנ.

— הונט!—שרײַט דאנ אויס זשבאנט, —
איכ טרעט ניט אָפּ פונ אָרט
אונ ער כאפט אינ האנט
די שווערע קופער־קוואָרט.

איידער איכ וועל שטארבנ
וועל איכ איינעמ פאָרט
אויסברעקלענ דעמ שארבנ
מיט דער קופער־קוואָרט.

נאָר ס'ווערט בייז מארקוטאָוו
אונ זײַנ גאנצער קאס
טוט אינ זײַנע אויגנ
אומרויִק א בליאסק.

ניט ער רעדט קיינ וואָרט אויס,
דער שארפער בליאסק נאָר ברענט,
אונ ס'גליטשט זיכ שווער די קוואָרט ארויס
בא זשבאנטנ פונ די הענט.

— כ׳בינ ניט קיינ הונט—א יעגער
אפ הינט אינ דײַנ געשטאלט.
האָסט שלעכט געלעבט, באגעגנ
דעמ טויט כאָטש קלוג אונ קאלט.

אונ אליינ אָנ ווערטער
פראלט ער אופ די טיר
אונ ס׳טועג פונ די ערטער
זיכ אלע שטומ א ריר.

פונ דעמ לאָמפ דער פײַער
שאָטנט שווער די קעפ
אונ ס׳לאָזט זיכ די לעווײַע
שטומ אראָפ די טרעפ.

---

ווײַסקײַט פונ די שטערנ, בלויקײַט פונ דער נאכט
פירנ צווישנ זיכ א ציטעריקנ שלאכט.
שטאמענ אפ די וואָרצלענ, פויגלעכ אפנ שטאמ
דרימלענ אונטער זייער ציטעריקנ פלאמ.

נאָר אנ אלטער צווײַגל, א בלעטל ווו ניט ווו,
נאָר א סומנע סאָווע ברעכט ווענ אײַנ די רו.
אינ דער רו דער ברייטער, שטרענג אונ אויסגעשלייפנ
קומט אָנ די לעווײַע שטומ אינ מיטנ הויפ.

אינ די הויכע הימלענ הויבט זיכ אופ די בלוי
אפ די גרויע סוויטקעס פאלט א ווייכער טוי.
אפ שטאָל פונ די אָברעזנ פאלט דעמ מוילערס שײַנ
אָט ביסטו זשבאנט געווענ אונ ועסט באלד ניט זײַנ.

אונ ער בויגט דעמ קאָפּ אָנ,—ס׳איז דאָכ סײַווי סײַ
שטומע רו א רידל צי א טראָפנ בלײַ,
נאָר אפנ הויפ אינ ברונעמ ליגט דעמ הימלס רו
די פארטיזאנער גייענ צו דעמ ברונעמ צו.

קאלטער פרי אינ פינגער, אינ די שארבנס זשאר
ווי די נאכט טונקל איז דער ברונעמ שווארצ.
— כלאָפּעס זײַט איר קארגע,—שרײַט אויס רויק זשבאנט,
צי פאר ביקסנ־קוילנ ציטערט אײַער האנט? —
ווענ ס׳וואָלט אלעקסאנדער אײַכ אליינ געטויט
וואָלט ער ווערנ זענ ווי אײַער בלוט איז רויט.

— א כלאָפּ איז ניט קיין פּאָרעץ, ענטפערט אָפּ מארקוט
אים איז קאַלטע וואסער טײַערער פון בלוט.
די פּארטיזאנער שמייכלען, שטום די ציין פארפּרעסט
און ס׳טוט נאָר באַלד דער ברונעם מיט טראָפּנס נאכט
א פּלעסק.

אָרעמע כאַלופּעס, זאָל אײַך זײַן ווויל און גוט!
ס׳בלאָנדזעט אין די וועלדער פאר אײַער רו מארקוט.

זיסקינד ליעוו

# פישל קאָפּטשיק און פּעטרע יערעמטשוק

(ס אָ ף)

אפן וועג אהיים, דער רעגן האָט ביסלעכווייַז אופגעהערט, האָט פעטרע געזען דעם גרויסן פארגליווערטן פירעק פון מארק און ווידער געזען די איינציקע שטוב, ווו עס האָט ארויסגעלויכטן דורך שמאָלע שפארעס פון פארמאכטע לאָדנס. דאָס איז געווען אווראָמטשעס הויז, א נידעריק־ברייטער מויער, איינדערמיט אן אָפענער גאניק מיט טרעפ פון ביידע זייַטן—דער אריַינגאנג אין דער וווינונג—און אונטן, נאָך נידעריקער פון טראָטואר, צוויי נידעריק־ברייטע טירן, באשלאָגן מיט שווארצן בלעך, טירן פון בארימטע געוועלבער אין שטאָט. פאָרנט אין דער גרויסער שטוב זייַנען איצט געזעסן אווראָמטשע הויש מיט זייַן הויזגעזינד, עטלעכע היימישע ייִדן פון דער שטאָט. די ייִדן זייַנען געזעסן ארום טיש. אווראָמטשע הויש אויבן אָן—די קינדער אפ דער פלושענער קאנאפע און אפ זייַטיקע שטולן. עס האָט אויסגעזען ווי שאבעסצונאכטס, אָדער אין א מאָצע־יאָנטעוו. יעדנפאלס, זייַנען די מענטשן דאָ אין שטוב געווען ביז גאָר פייַערלעך אין די רויט־אָנגעלאָפענע פענעמער. מע האָט געגעסן פרישע גריוון, נאָר וואָס געבאקענע האָניק־קיכלעך, און אפן טיש איז געשטאנען א פלאש בראָנפן. מע האָט גערעדט וועגן „דער איבערגעקומענער שרעק". אווראָמטשע הויש שווייַגט איצט. ער, ווען ער רעדט, וויגט זיך די שטוב, הוידעט זיך דער הענג־לאָמפ, שאָקלען זיך די ייִדן—א ווינט פאָרט צווישן די ווענט, די בערד שטעלן זיך קאפויער, די פארשמאכטע אויגן ווערן אזש פארגלייַזט מיט קאלטן ציטער,—אווראָמטשע הויש רעדט נישט בלויז מיטן מויל, אויך זייַנע הענט, אקסל, פלייצע, באָרד, און פייעס ריידן דעמלט. און איצט שווייַגט ער. די „איבערגעקומענע שרעק" רוט אפ זייַן פרידלעך פאָנעם. זייַנע שפיציק־גרויע אויגן קוקן אפ דער שטוב, אפ די ווענט, און נאָך ווייַטער פון די ווענט, הינטער די ווענט און ביז אראָפּ אין די צוויי־געוועלבער, קוקן אפ דעם אלץ, וואָס איז געבליבן גאנץ נאָך די באָלשעוויקעס, „נישט אָנגערירט קיין נאָגל" האָט ער פריִער געזאָגט. און קיינער ווייס נישט פארוואָס, ווייַל קיינער ווייס נישט וויִאזוי אים איז געלונגען אלץ—אָבער טאקע אלץ!—אוועקצופירן ערגעץ, ווו קיין מענטש קאָן נישט צוקומען, אי פון דער שטוב, אי דאָס ווייכטיקסטע פון ביידע געוועלבער. ווען די באָלשעוויקעס זייַנען אריַינגעקומען אין שטאָט, האָט מען געעפנט די געוועלבער—מעל? עס איז געווען א האלב זעקל, נאפט? עס איז געווען א האלב פעסל—די געוועלבער זייַנען געווען ליידיק. „שעכט מיך, האָט ער געזאָגט, איך האָב נישט מער". פארשטייט זיך, אז מע האָט

אים נישט געשאָכטן, און איצט זיצט ער יאָנטעװדיק אױפגעלײגט און שװײַגט. און װען ער שװײַגט, איז עס נישט יענער אװראָמטשע הױש; װען ער רעדט, ראַבאָנישדיק־גלײַך און בלײַך, לאָזט זיך אראָפּ זײַן נאָז פֿון די שפּיציקע גראָע אױגן, זי קוקט אַף דער באָרד, דאַכט זיך, זי איז שמאָל און אײדל. שמאָל און אײדל זײַנען דעמלט זײַנע באַקן, זײַן גלאַטיקער שטערן גלאַנצט מיט מענטשלעכער קלוגשאַפט. און װי אַף א רעבן, װי אַף א „גוטן ייִדן‟, אַזױ קוקט אַף אים זײַן װײַב, װאָס איז סײַװױ שטענדיק הױלע אײדלקײַט. שטענדיק איז בלײַך איר לענגלעכיק פּאָנים, שטענדיק הענגען אראָפּ די דינע אױגן־הײַטעך און שטענדיק איז זי ארומגעהילט מיט א לײַכט־זײַדענעם שאַל, פֿון װעלכן די צאַרטע טראָלדן באָמבלען זיך אין אַלע װינטן. װי לאַנג די באָלשעװיקעס זײַנען געװען אין שטאָט, האָט זי געהאַלטן אין אײן קרעכצן. פֿון קרעכצן איז אױש די הױט אַף אירע באַקן אָפּגעבליאַקעװעט געװאָרן. די גאַנצע צײַט איז זי ארומגעגאַנגען אין װײַכע פּאַנטאָפֿל, אַף דער גאַס נישט ארױסגעקומען, נאָר געזעסן גאַנצע טעג אין גרױסן שטול און געדרעמלט—און װען זי איז ארומגעגאַנגען איבער דער שטוב, האָבן די פּאַנטאָפֿל זיך געשאַרט מיט א שטיל־באַזונדער שאַרעכץ, פֿולגעמאַכט די װענט מיט אױסטערלישע מײַסעס. דידאָזיקע מײַסעס, װײכע און גלײטשיקע, װי אָן א שיר װערעמלעך, האָבן נישט אױפגעהערט צו קריכן יעדן אײנעם אין שטוב פֿון פֿוס־זױל ביז צו די האָר־שפּיצן פֿון קאָפּ און פֿון דאָרט צוריק אראָפּ. די־דאָזיקע פּאַנטאָפֿל־מײַסעס האָבן יעדן אײנעם אין שטוב געעקבערט אין מױעך און געצופּט באַם הארץ, אז אפֿילע אװראָמטשע הױש, דער אײגענער מאַן, װאָס װעגן אים, אײגנטלעך האָבן דערצײלט די מײַסעס, איז אמאָל אַף איר אָנגעלאָפֿן מיט זײַן שפּיציקן װינט און געװאָלט זי אײַנשלינגען: „נו, שױן, געקומען באָלשעװיקעס, שלעפּערס, צאָרעס, כאָליערעס, נו, שױן, איז דערפֿאַר עק װעלט? העז?‟—אָבער װען אײנמאָל האָט געטראָפֿן אן עמעסער אומגליק, אז דער רױפֿע־יונג פּישל קאָפּטשיק, „דער מעשומעד‟, האָט אװראָמטשע הױשן פֿארשלעפּט אַף ארבעט, גראָבן אָקאָפּעס—אינמיטן דאַװענען, פֿון בעסמעדרעש ארױס האָט ער אים פֿארשלעפּט—דעמלט האָט אַף דעם באַזונדערן שאַרעכץ פֿון זײַן װײַבס פּאַנטאָפֿל אפֿילע אװראָמטשע הױש אלײן, אױך גאָרנישט געזאָגט. איצט האָט זי דאָס טאַקע דערצײלט װעגן דער גרױסער געשעעניש דעמלט—אירע רױטלעך־פּאַרקאַטערטע נאָז־פֿליגלען האָבן זיך דערבײַ געבלאָזן שטאַרק באַלײדיקט, אירע דינע אױגן־הײַטלעך האָבן זיך פֿרום אראָפּגעלאָזט: „איך האָב דעמלט געמײנט, אז איך װעל כאַלעשן אַפֿן אָרט‟, האָט זי געזאָגט מיט א פֿארשלאָגן קאָל.

און די דרײַ ייִדן, פֿון פֿארשידענע מינים, האָבן געהוסט און געשנײַצט די נעז, געטרונקען טײ און זיך געקװיקט. זײ זײַנען געװען בעטעװע אָרעמע לײַט, די דרײַ ייִדן, װאָס זײַנען דאָ געזעסן—„מעקוראָװים‟, רופֿט מען אזעלכע „אײַנגײער‟, זאָגט מען אין גאַליציע.—אװראָמטשע הױש האָט זיך מיט זײ באַדינט װי מיט שיק־ייִנגלעך, זײ זײַנען געלאָפֿן צען מײַל פֿאַר אים, אין דערפֿער און אין אַנדערע שטעט, באַצאָלט האָט ער זײ א קאַדאָכעס, א כאַלע אַף שאַבעס. דערפֿאַר האָבן זײ געטרונקען טײ באַ אים אין שטוב און אין שטאָט האָט עס געהײסן, אז זײ זײַנען אװראָמטשעס רעכטע האַנט. אײנער פֿון זײ האָט געהאַט א רױטע נאָז, דער צװײטער אן אױסגעצופּטע באָרד, דער דריטער האָט געהאַט אױסגעקראָכענע ברעמען. אז זײ האָבן גערעדט, האָבן זײ מײנסטנס גערעדט אַלע דרײַ אינײנעם, אײנער איז ארײַנגעפֿאָרן אין אַנדערנ מיט די רײד, מיט די הענט, מיט דער באָרד. אױב אװראָמטשע הױש האָט גערעדט, אָדער זײַן װײַב, דעמלט האָבן זײ אַלע דרײַ לײַטיש געשװיגן, געשאָקלט מיט די קעפּ, מער נישט. און איצט האָבן זײ גערעדט, אַלע דרײַ: „װען

די פּאָליאקנ זייַנענ דאָ געווענ פאר די באָלשעוויקעס און געוואָלט נעמענ מענטשנ אפּ ארבעט,—נו, טאקע, האָט די קעהילע געצאָלט פאר פערציק אירע יעדנ טאָג און שוינ,—יאָ, אָבער די באָלשעוויקעס האָבנ פונ דער קעהילע נישט געוואָלט וויסנ און גענומענ רייַכע מענטשנ צו דער ארבעט, שיינע ייִדנ.—דערפאר זייַנענ זיי ארייַנגעקומענ מיט מוזיק,—נו, טאקע, און אָנ מוזיק ארויס.—נארישע מענטשנ פלעגנ זאָגנ, אז די פּאָליאקנ שלאָגנ ייִדנ, שנייַדנ בערד,— עפּעפּעפּע! שלאָגנ, שנייַדנ בערד! אָבער וואָס האָט געזאָגט דערנאָכ כאיעמ־יוינע?—נו, טאקע, כאיעמ־יוינע האָט געזאָגט, אז בעסער מע זאָל איינעמ שלאָגנ, איידער צאָלנ מיט צעשלאָגענע קארבאָוואנצעס.—העהעהע, העהעהע, העהעהע! „די דרייַ ייִדנ האָבנ געלאכט. די שטוב האָט געלאכט. אווראָמטשע הוש האָט זיכ געשמאָלצנ אינ שווייַגנדיקנ נאכעס. זייַנ ווייַב האָט לייַטזעליק אופּגעהויבנ די דינע אויגנ־הייַטלעכ. די קינדער אפּ דער פּלושענער קאנאפּע און אפּ די זייַטיקע שטולנ האָבנ צופרידנ־טאמעוואטע געכיקעט. מע האָט פריילעכ געפּייַערט די „איבערגעקומענע שרעק" ביז שפּעט אינ דער נאכט.

---

ווענ די מילכאָמע האָט זיכ אָנגעהויבנ און עס זייַנענ ארייַנגעקומענ די ערשטע רוסנ אינ שטאָט, האָט מענ אווראָמטשע הושנ אָפּגעשמיסנ אינמיטנ מארק. עטלעכע טעג דערנאָכ איז ער געווענ פאנ־בראט מיט אלע העט ביז ארופּ, ביזנ סאמע נאטשאלניק. וויִאזוי דאָס איז עפּעס צוגעגאנגענ, האָט מענ קיינמאָל נישט ארויסבאקומענ. און שפּעטער, ווענ די עסטרייַכער האָבנ זיכ ווידער געיאוועט, איז אווראָמטשע הוש געווענ איינער פונ די ערשטע, וואָס איז זיי אקעגנגעגאנגענ מעקאבל־פּאָנים זייַנ—און באלד געוואָרנ אויכ בא זיי דער סאמע אויבנ אָנ. ווענ די עסטרייַכער זייַנענ ווידער אוועק און די רוסנ האָבנ פונסנייַ איינגענומענ די שטאָט, איז אווראָמטשע הוש געוואָרנ זייער אלטער באל־יויעצ—האָבער פאר די פערד, מעל פאר די סאָלדאטנ, שטיוול און קנעפּלעכ האָט קיינער פאר זיי נישט איינגעהאנדלט נאָר ער, אווראָמטשע הוש. און ס'איז געקומענ די צייַט, ווענ די רוסנ האָבנ פונסנייַ געמוזט פארלאָזנ די שטאָט, איבערפרי האָבנ די הענער געקרייעט אפּנ עסטרייַכישנ לאָשנ, האָט מענ וועמענ געזענ פאָרענ זיכ איבערנ מארק מיט צוויי עסטרייַכישע אָפיצירנ?—דאָס איז געווענ ער, אווראָמטשע הוש.

ארומ שטאָט האָבנ געדונערט קאנאָנענ, אפּ צעאקערטע פעלדער זייַנענ געוואקסנ ליימיקע בערגלעכ מיט צווייַגנדיקע צלאָמימ, אווראָמטשע הוש האָט זיכ נישט געשראָקנ פאר גאָרנישט. די דיפּלאָמאטנ האָבנ געשפּילט מיט פעלקער ווי מיט אָפּגענוצטע קאָרטנ, אווראָמטשע הוש איז געווענ א טעלעפאָנ־סטאנציע, צו וועלכער ס'האָבנ זיכ געצויגנ דראָטנ פונ אלע זייַטנ. ער איז געבליבנ א רויִקער אינ אלע סיטואציעס און ער איז געווענ פארבונדנ מיט אלע פּארטייעס, וואָס האָבנ פונ צייַט צו צייַט זיכ באוועצט אינ שטאָט. א לעבעדיקער באראָמעטער פונ רויִקנ, אָדער אומרויִקנ ווינט. בא אימ האָט מע געפרעגט: „רעב אווראָמטשע, הייַנט קאָנ מענ אופּמאכנ דאָס געוועלב?" און האָט ער געגעבנ א שאָקל אפּ יאָ, האָט מענ אופּגעמאכט—האָט ער געגעבנ א שאָקל אפּ ניינ, האָט מענ נישט אופּגעמאכט. אפּ אימ האָט געקוקט א מארק מיט געוועלבערניקעס, מיט טוווע־הענדלער, מיט האָלצ־סאָכרימ, מיט שלעפּערס, מיט מעקלערס—מיט מעקלערס פונ אלע מינימ.

שמאָלע הינטער־געסלעכ מיט הילצערנע הייַזלעכ, קרומע, אייַנגעפאלענע, צעלעכערטע, צעהויקערטע, געסלעכ מיט סטאָליארעס, מיט קאָוואלעס, מיט שוסטער—זיי האָבנ בא אווראָמטשענ נישט געפרעגט. זיי האָבנ געהאט זייער אייגענעמ „באראָמעטער". עסטרייַכער,

צי רוסנ, האָבנ זיי געוווּסט, ביידע זײַנענ איינ שווארצ יאָר—מילכאָמע איז מילכאָמע. זיי זײַנענ נעשוואָלנ געוואָרנ פאר צאָרעס.

אונ אויכ דאָסמאָל זײַנענ די טירנ פונ די הינטער־געסלעכ נאָכ געווענ פארמאכט, וועל דער הענדלערישער מארק האָט זיכ שוינ לעבעדיק א ריר געטאָנ. פלוצימ ווי אָנגעבלאָזנ דורכנ ווינט, איז אוּוראָמטשע הוש מיט נאָכ עטלעכע יידנ געשטאַנענ אינמיטנ מארק. לייכט געבויגנ, די הענט האָפערדיק צעלאָזנ, מיט די קעפ געקערעוועט אינ אלע זײַטנ—ווי רויב־פייגל. די געשטאַלטנ פארשיידענע, די פּנעמער פארשיידענע—דער גלאנציקער בליק בא אלע דערזעלבער. אוּוראָמטשע הוש איז הויכ אונ דאר אונ שפּיציק. ער באוועגט זיכ, בויגט זיכ, שלײַדערט מיט די הענט, מיטנ קאָפּ—ער רעדט. א בינטל שווארצע רויב־פייגל זײַנענ געשטאַנענ אינמיטנ מארק.

זעקס ליידיקע וועגנ ציִענ זיכ צומ גרויסנ, פירקאנטיקנ מארק. דער גראָבער שטויב ליגט צוגעדושעט אפ די זעקס ליידיקע וועגנ, רירט זיכ נישט. באנאכט האָט גערעגנט—די כמארעס זײַנענ אוועק. זעקס גראָע פּאסנ ציִענ זיכ אינ ווײַטנ בארגיקנ פעלד, פארלירנ זיכ אינײנעמ מיטנ ווײַטנ הימל. קיינער פאָרט דאָרט נישט, אפ די זעקס ליידיקע וועגנ.

די רויב־פייגל אינמיטנ מארק שטייענ אפ איינ אָרט. זייערע לאנגע קערפּערס דרייענ זיכ, שנעל אונ לײַכט, אהער—אהינ. זייערע העלדזער זײַנענ אויסגעצויגנ, זייערע בערדיקע קעפּ ווארפנ זיכ אינ אלע זײַטנ—געשווינד, בויגיק, פלינק—פּאָרשנ אויס די זעקס ליידיקע וועגנ.

אוּוראָמטשע הוש שטייט אינדערמיט—די קעפּ הערנ זיכ אופ צו דרייענ, קוקנ אפ אימ־מיט גלעזערנע אויגנ. — זײַנ נאָז, ראבאָנישדיק־גלײַכ אונ בלייכ, לאָזט זיכ אראָפּ פונ די שפּיציקע גראָע אויגנ, זי קוקט אפ דער באָרד. אונ זײַנע גראָע אויגנ זײַנענ פארלאָפּנ מיט א פארטראכט וואסערל. ער שטייט אומבאוועגלעכ אונ שווײַגט. ווי אלעמאָל, שפּעקולירט ער אפ דער נײַגעריקײַט פונ די אנדערע. ערשט ווענ די אופגעהויבנענע בערד ווערנ מידלעכ אונ פּאוואָליע לאָזנ זיי זיכ אראָפּ, דעמלט זופּט ארויס אוּוראָמטשע הוש עטלעכע שפּאָרעודיקע פארשלײערטע ווערטער, אונ מיטאמאָל גיבנ זיי זיכ אלע א צעלאָז אינ פארשיידענע זײַטנ.

די רויב־פייגל אינמיטנ מארק האָבנ אײַנגעצויגנ די לאנגע קעפּ, זיכ א דריי געגעבנ מיט די שמאָלע קערפּערס אונ פארשוווּנדנ געוואָרנ—גלײַכ דער ווינט וואָלט זיי אוועקגעטראָגנ.

דער מארק איז געבליבנ ליידיק. א גרויסער, פירקאנטיקער מארק, מיט ברייטע, גראָבשטיינערנע מויערנ, מיט גרויסע, קײַלעכיקע אײַנפאָר־טויערנ—ווי אינ אלטע פעסטונגענ.

ערשט ארומ מיטאָגצײַט איז ארײַנגעקומענ דאָס פּוילישע מיליטער. א קאוואלעריע־פאטרול האָט גאלאָפּירט איבער דער שטאָט ארײַנ אינ פארשיידענע געסלעכ, דערנאָכ זיכ אָפּגעשטעלט אינמיטנ מארק, געפּאָרשט אפ אלע זעקס וועגנ—ווי פריִער די שווארצע רויב־פייגל. זייערע מונדירנ זײַנענ געווענ פונ טונקל־גרינער פארב.

די ערשטע טיר האָט א זינג געטאָנ בא אוּוראָמטשע הושס שטוב, ברייט זיכ געעפנט. אונ פּאמעלעכ, גייענדיק קימאט אפ די שפּיצ פיס, איז ארויסגעקומענ אוּוראָמטשע הוש אליינ, מיטנ קאפּעליוש אינ דער האנט, מיטנ קאפּל אפנ קאָפּ. ער האָט זיכ געבויגנ, געשמייכלט, די רעכטע האנט צוגעדריקט צומ הארצ. דער קאוואלעריע־פאטרול איז צוגעריטנ צומ גאניק. די פארשוויצטע פערד האָבנ פּאמעלעכ געהויבנ די פיס, געבויגנ מיט די קעפּ. אוּוראָמטשע הוש האָט זיכ אָנגעלענט אָנעמ פּאָרענטש, מיטנ קאפּעליוש אינ דער האנט, עטלעכע ווערטער גערעדט צומ פאטרול—איידל, בארעכנט, מיט א טיפנ פארנויג.

דער קליינער קאוואלעריע־פּאטרול איז ארויס פון שטאָט—א גרויסע מיליטער-מאסע איז אריַין, דער ערשטער אָפיצער איז באלד אוועק צו אוראָמטשע הושנ אינ שטוב.

---

דער צווייטער טאָג. א הילצערנע שאָפע, עפּעס א סקלאד, אינ א ווינקל ליגט פעטרע יערעמטשוק געבונדנ. ליכט פונ אָנקומענדיקנ טאָג, געל ווי דער אָפּשיַינ פונ הארבסטיקע בלעטער, שניַידט זיכ דורכ די ענגע ברעטער-שפּארעס, ווערט פארפאלנ צווישנ אָנגעוואָרפענע זעק, פעסער, שטויב. פעטרע הערט די פוסטריט פונ דער דרויסנדיקער וואכ, די קורצע שריט, וואָס שפּאנענ לאנגוויַליק ארומ דער קליינער שאָפע—ער טראכט נישט וועגנ עפּעס אנדערש, ער וואָלט עפּשער אנשלאָפנ געוואָרנ, ווענ נישט די הארטע טריט הינטער זיַינ קאָפּ. זיינ מויעכ רוט, די אויגנ זיַינענ ציַיטנוויַיז פארמאכט. אמאָל ביַיסט אימ אינ דער באק, אמאָל אינ פוס, נאָר די הענט זיַינענ געבונדנ. דאָכ, עס קומט א געדאנק, פארוואָס האָט ער זיכ אקוראט מיט א טאָג פריִער אָפּגעגאָלט? די פוסטריט פונ דער דרויסנדיקער וואכ שפּאנענ לאנגוויַליק ארומ דער שאָפע. פעטרעס געדאנק צעשווימט, צעפליט זיכ, דער מויעכ רוט.

וויַיט פונ אימ, אינ די געסלעכ הינטערנ מארק, איז גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרנ ווו ער ליגט, ווער עס האָט אימ אויסגעגעבנ און ווער עס איז געווענ דער העלפער. „אז מע האָט דעמ אוראָמטשע הוש נישט אוועקגעלייגט צו דער רעכטער ציַיט”—האָט זיכ פישל קאָפּטשיק געביסנ און געגריזשעט, נישט געקאָנט קוקנ זעליקנ אינ פּאָנעמ אריַינ. גליַיכ פארטאָג איז פעטרע יערעמטשוקס וויַיב געלאָפנ צו באָרעכ קרולנ, אימ אופגעוועקט און דערציילט וועגנ ארעסט: פעטרע איז נישט געווענ אינ דער היימ, פארשטייט זיכ, אָבער זיַינ שוואָגער האָט געוווסט ווו ער איז, ער ארבעט בא אוראָמטשע הושנ און קעדיי זיכ איַינצושמייכלענ האָט ער עס אימ דערציילט. ער האָט אויכ דערפאר באקומענ א פינפערל. דאָס אלצ איז זי געוואָר געוואָרנ דערנאָכ, ווענ מע האָט פעטרענ שוינ געהאט צוגענומענ. אינ דער ענגער קאמער, בא פארמאכטע לאָדנס, האָבנ פישל מיט זעליקנ באראָטנ וואָס דאָ לאָזט זיכ טונ—און געקומענ צומ באשלוס, אז דערוויַיל קאָנ מענ גאָרנישט טונ. אוראָמטשע הושענ דארפ מענ האָבנ אפנ אויג—און ער, פישל, מוז אפ יעדנ פאל אוועק אינ אנ אנדער אָרט. אָבער ווהינ? אפ דעמ האָבנ זיי זיכ איצט פארטראכט, זעליק מיט פישלענ.

---

ארומ מיטאָגציַיט האָט מענ פעטרע יערעמטשוקנ געפירט צומ פארהער. די פיס אופגעבונדנ, די הענט, האָט ער זיכ געפילט אביסל פריַיער, טיפ אריַינגעאָטעמט די פרישע לופט און זיכ אומגעקוקט אינעמ הויפ, דורכ וועלכנ מע האָט אימ געפירט. אינמיטנ הויפ האָט געברענט א פיַיער אונטער א גרויסנ איַיזנ־קעסל, אינ וועלכנ מע קרילט, געוויינלעכ, כאזיירימ. סאָלדאטנ אינ פארשמירטע מונדירנ האָבנ זיכ געדרייט איבערנ הויפ.

פעטרע יערעמטשוק איז נאָכ קיינמאָל נית געווענ ארעסטירט, נאָכ קיינמאָל נית געשטאנענ פאר א וועלכנ פארהער. דער אָפיצער האָט אימ באפוילנ זיכ זעצנ. און געזאָגט: „דערצייל”. פעטרע האָט זיכ געזעצט, אויסגעשטרעקט די הענט, אויסגעקנאקט די פינגער, אינ זיַינ שווארצ-וואָנצנריקנ פּאָנעמ איז געלעגנ א קינדערישע פארטראכטקיַיט. „וועגנ וואָס זאָל איכ דערציילנ?” האָט ער געטראכט, אָנגעקוקט דעמ יונגנ אָפיצער אקעגנ אימ. דער אָפיצער האָט געהאט געדולד, געווארט, דערנאָכ ווידער געזאָגט: „דערצייל”. פעטרע

האָט אָנגעהויבן דערציילן וויאַזוי מע האָט אים ארעסטירט, אז מע האָט אים אופגעוועקט אינמיטן דער נאכט, אז מע האָט אים געבונדן, נאָר פארוואָס מע האָט אים ארעסטירט, וויס ער נישט. געדולדיק האָט דער יונגער אָפיצער אויסגעהערט וואָס פעטרע האָט דערציילט, געדולדיק געזאָגט: „נישט דאָס מיינ איכ", אָנגעקוקט פעטרען און געוואַרט. פעטרע האָט געטראכט: „וואָס דען מיינט ער?", ער האָט געשוויגן. דער אָפיצער איז אופגעשטאַנען, צוגעגאנגען צו פעטרע יערעמטשוקן, פארלייגט די הענט איבער דער ברוסט:

— נישט דאָס מיינ איכ. דו ביסט געווען א קאָמיסאר בא די באָלשעוויקעס, אָבער איבער דיר איז געווען נאָכ א העכערער קאָמיסאר: פישל קאָפּטשיק רופט מען אים, איכ וויל וויסן ווו ער איז און אויכ וועגן די אנדערע באָלשעוויקעס זאָלסטו דערציילן: ווער זיינען זיי.

נישט אנדערש ווי פריער האָט פעטרע געקוקט מיטן קינדעריש־פארטראכטן פּאָנעם אפן אָפיצער, אָבער איצט האָט ער שוין פארשטאַנען דעם יונגן אָפיצער, פארשטאַנען צו וואָס מע האָט אים ארעסטירט, וואָס מע וויל האָבן פון אים. ער האָט געשוויגן. פולקאָם רויק און געדולדיק האָט דער אָפיצער געזאָגט צו פעטרען:

— מיר וועלן דיכ שיסן.

פעטרע האָט איצט באגריפן זיין ערנסטע לאגע—פאר זיינע אויגן האָט זיכ געשטעלט זיין ווייב, די קליינע טאָכטער פאראנקע, די עטלעכע גענדז, די אלטע כאטע, בא וועלכער מע דארף פאריכטן דעם דאכ. יאָ. דער פארפוילטער שינדל־דאכ איז איצט געוואָרן פאר פעטרען א פּראָבלעם. ווער וועט אים דאָרט פאריכטן, האָט ער געטראכט, אויב מע וועט אים שיסן? ער האָט ארופגעלייגט עטלעכע פארזשאווערטע בלעכן אפ די לעכער, אָבער דאָס קאָן דאָכ אייביק אזוי נישט בלייבן? דער קאלטער גלאנץ פונעם אָפיצערס אויגן האָט אים דערמאָנט, אז ער דארף עפּעס ענטפערן:

— איכ וויס נישט גאָרנישט—האָט ער געזאָגט.

דער אָפיצער איז צוגעגאנגען צום טיש, דאָרט איז געשטאַנען א געל קעסטל פון א פעלד-טעלעפאָן, ער האָט אָנגעקלונגען. פעטרע האָט געטראכט: „עפשער וועלן זיי מיכ נישט שיסן?"—דעמלט וועט ער דאָס ערשטע פאריכטן דעם דאכ. דער אָפיצער האָט געזאָגט באם טעלעפאָן: „גוט, פארשטאַנען!"—און ווידער צוגעגאנגען צו פעטערן. ער איז נישט געווען מער אזוי רויק ווי פריער, זיינע אויגן האָבן געוואָרפן א שטרענגן בליק אפ די צוויי זעלנער, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן פעטרען, ער האָט געזאָגט צו איינעם פון זיי:

— אריינרופן דעם פעלדפעבל!

ווען דער פעלדפעבל איז געקומען—א קליינער, א שווארצער, ווי פעטרע יערעמטשוק, מיט אויכ אזעלכע וואָנצעס—האָט דער יונגער אָפיצער באפוילן:

— אריינפירן צוריק אינ שאָפּע דעם קאָמיסאר! אויסטאָן אים נאקעט, ווי די מאמע האָט אים געהאט! אז ער וועט ניט דערציילן אלץ פינקטלעכ, אָפּקרילן אים אינעם קעסל צוזאמען מיט די כאזיירים! און שוין!

ווען פעטרע יערעמטשוק איז געלעגן אינ דער שאָפּע א נאקעטער, האָט ער מער נישט געטראכט וועגן פאריכטן דעם דאכ, אפילע ניט געטראכט שוין וועגן פאראנקען און וועגן ווייב—ער האָט געטראכט וועגן אייגענעם טויט. אזוי האָט ער זיכ דעם טויט קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט. סיי דעמלט, ווען ער האָט אריבערגעוואָרפן פעקלעכ ליטעראטור אפ יענער זייט גרענעץ צוזאמען מיט פישל קאָפּטשיקן, סיי דעמלט, ווען ער האָט געפירט

אַן אָפענע אַגיטאַציע. איידער די באָלשעוויקעס זײַנען געקומען, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט דעם אייגענעם טויט אינגאַנצן אַנדערש, עס איז געלעגן אין יענעם טויט עפּעס העלדישעס, עפּעס שיינס—פּעטראָ קאָן נישט געפינען דאָס ריכטיקע וואָרט, אָבער ער פילט עס. און איצט אָפּקרילן—אַ מיִעסער טויט. דאָס קאָכנדיקע וואַסער וועט דורכבריִען די הויט ביז צום פלייש, ביז צום ביין — די הויט וועט אַראָפּקריכן און ער וועט נאָך לעבן — אַ שרעקלעכער טויט.

עס איז שוין געווען נאָכן צווייטן פאַרהער. פּעטרע האָט אין זיך אײַנגעגריבלט וועגן אייגענעם טויט — — —

שפּעט נאָכמיטאָג האָט מען פּעטרע יערעמטשוקן אַרויסגעפירט אין הויף. פון דרײַ זײַטן האָט דעם קליינעם הויף אָפּגעצאַמט אַ הויכער ברעטער־פּלויט, אין איין זײַט איז געשטאַנען דאָס רויט־ציגלדיקע הויז פון די זשאַנדאַרן. פון די פענצטער האָט דאָרט קיינער נישט אַרויסגעקוקט. נאָר דער הויף איז געווען פול מיט זעלנער. עטלעכע האָבן אַרויסגעלאָזן אַ שטילן קוויטש, ווען זיי האָבן דערזען פּעטרעס נאַקעטן קערפּער, אַנדערע האָבן אינסטינקטיוו צוגעכאַפּט די הענט צו די אויגן. דער נידעריקער פעלדפעבל און פיר זעלנער האָבן פּעטרע יערעמטשוקן צוגעפירט צום אײַזערנעם קעסל. אונטן האָט דאָס טרוקענע האָלץ געקנאַקט צווישן די פלאַמען, פון גרויסן קעסל האָט אַרויסגעשפּריצט דאָס זידנדיקע וואַסער. דער פעלדפעבל האָט פּעטרען געפרעגט, צום לעצטן מאָל, צי ער וועט אויסזאָגן. פּעטרע האָט אַרײַנגעקוקט מיט פאַרביסענע ציין אינעם זידנדיקן וואַסער, געשוויגן. די פיר זעלנער האָבן אים אויפגעהויבן—זיי האָבן געהערט אַ שטאַרקן קריץ פון זײַנע ציין, געשריִען האָט ער נישט—דאָס בריִענדיקע וואַסער האָט געגעבן אַ שטאַרקן פּליוסק, אַרויסגעשפּריצט אין אַלע זײַטן, די זעלנער זײַנען אַוועקגעלאָפן פון קעסל.

---

באַנאַכט איז געזעסן דער יונגער פּוילישער אָפיצער בײַ אוראַמטשע הויזן אין דער פאָרנטיקער שטוב. ער איז געבליבן אַלס קאָמענדאַנט פון דער שטאָט, און אוראַמטשעס הויז האָט אים פאַרבעטן צו זיך. די כמאַרעס, וואָס זײַנען אַוועק מיט צוויי טעג פריִער, האָבן זיך ווידער אָנגעטראָגן. באַנאַכט איז געווען שטאַרק טונקל, דער מאַרק איז געווען ליידיק, עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. איבערן קליינעם אָפענעם גאַניק פון אוראַמטשעס הויז זײַנען די טירן געווען ברייט צעעפנט, פון שטוב האָט אַרויסגעשטראָמט אַ ראַכוועסדיק—ברייטלעך ליכט. דאָס ליכט איז געווען געל און פעט. אוראַמטשעס הויז האָט מער נישט קיין מוידע געהאַט ווי אין פריִערדיקע טעג. איצט האָט ער נישט געפײַערט די „איבערגעקומענע שרעק”, נאָר די אָנגעקומענע פרייד, און די האָפענונג אויף נײַע פאַרדינסטן. ער האָט ניט גערעדט, ער האָט געשוויגן. ראַבאָנישדיק־גלײַך און בלייך האָט זיך אַראָפּגעלאָזט זײַן נאָז פון די שפּיציקע גראָע אויגן, געקוקט אויף דער צוגעקעמטער באָרד מיט גרויס צופרידנקײַט. ער איז נישט געווען איצט ענלעך צו אַ ווילדן רויב־פויגל. ער האָט איצט אויסגעזען ווי אַן איידעלער מענטש, וואָס ווייס וויִאַזוי צו לעבן. אַקעגן אים איז געזעסן דער יונגער אָפיצער, אין אַ בליצבלאַנקן מונדיר, מיט מאַטע אויגן און אַ מאַטן שמייכל אויף די יונגע ליפּן. אין וואַרשע האָבן זײַנע קאָלעגן צו אים געזאָגט, אַז אין מיזרעך־גאַליציע זײַנען דאָ שיינע ייִדיש פרויען. ער איז ניט געווען קיין אַנטיסעמיט. דאָ האָט ער זיך אַרומגעקוקט. אוראַמטשע

הוש האָט גישט קיינ מיִעסע פרוי. אונ די עלטערע טאָכטער, כאָטש זי װעט אלט זײַנ עפשער פופצנ יאָר, איז אויכ נים אװעקצומאכנ מיט דער האנט.ביידע האָבנ איצט צוגע־טראָגנ צום טיש פײַנע זאכנ—מיטאמאָל האָט זיכ פונ ערגעצ אויסגעגראבלט סײַ די זיל־בערנע טאצ, סײַ די אלע פײַנע זאכנ. דער יונגער אָפיצער האָט געהאלטנ אינ דער האנט א דינ גלעזעלע אפ א הויכ פיסל אונ געװאָרפנ זײַטיקע בליקנ צו די צװיי פרויענ— — —

אינדרויסנ פאר דער טיר איז עמעצער געבליבנ שטיינ. עס האָט שטארק גערעגנט. די בריטע הײַזער אינ גרויסנ מארק האָבנ טונקל געגליװערט. דורכנ גרויסנ פענצטער האָט זיכ דערטראָגנ א נאָענטער שאָס. נאָכ אים—געשרייענ, א גערודערײַ פונ א דעמאָנסטראציע.

עליע קאהאנ

# די גרויסע סרייפע

(דערציילונג)

אינ לענינגראד בינ איכ געווענ אינ א נערוונ־קלינִיק. דארטנ האב איכ געזענ א זעלטענע דערשיינונג: א יינגל, וואס איז אריינגעפאלנ אינ אלטקייט, ער האט מוירע פארנ ניט זיינ. אזוי רופט ער אנ פילאזאפיש דעם טויט. אזוי איז עס. צווישנ מיליאנענ בליִענדיקע, לעבנפריידיקע קינדער, ווייזט זיכ ארויס, איז געבליבנ א קרענקלעכ קינד, וועלכנ עס כאפנ אנ קאנווולסיעס, ווענ ער דערמאנט זיכ וועגנ טויט.

אינ גרויס־זאפאראזשיע, אינ דער שטאט פונ דנעפראגעס, האב איכ באגעגנט מיינ שוועסטערקינד בעניע. וואס מאכסטו בעניע — האב איכ געזאגט, וויפל יארנ...—געזונט—האט ער קוימ געענטפערט—אונ, לויפנדיק, קוימ געטראפנ מיטנ קוש גאר אינ נאז אריינ—איכ פלי... קומ אריינ מארגנ. נאר איכ האב אימ שוינ מער ניט געזענ, ווייל אפמארגנ בינ איכ אוועקגעפארנ. ער איז אנ אינזשעניער אפנ אליומיני־קאמבינאט. א פארנעמלעכער מענטש. אז ער זאל זיכ אמאל פארשלאפנ—ווי איכ—כאפט אונדז א דויכעק אינ אליומיני.

ס'איז אנ עמעס. ס'טרעפנ אזעלכע פלוצלינגדיקע באגעגענישנ. אינ מאגניטאגארסק בינ איכ ארויס פונ צירק אונ ארופגעטראטנ א מענטשנ אפנ פוס. אנטשולדיקט—האב איכ זיכ איידל פארנויגט צומ מענטש, וואס האט געקוקט אפ מיר ניט פארגעבנדיק—איכ האב ניט באמערקט, אז איר גייט אינ ווייסע טופליעס.—א, בוליע, פריינט מיינ קינדהייט, בוליע! ער האט זיכ פאר מיר א גאנצנ אוונט בארימט דערמיט, וואס ער ארבעט אפ אזא גרויסער בויונג. רויטער קרייצ. ער איז דארטנ א פאריקמאכער.

אינ מינסק זיינענ היינט ארויסגעהאנגענ אלע פאנענ. א פאלק־יאנטעוו. דאס פאלק פארפלייצט די גאסנ. אונ אלע זעענ אויס ווי ארדענ־טרעגער. ווייסרוסלאנד האט באקומענ א לענינ־ארדענ, כאפט עס אפ יעדערנ א געווויסער כיילעק. אונ היינט איז עלפטער יולדער טאג, ווענ ווייסרוסלאנד איז באפרייט געווארנ פונ די ווייסע פאליאקנ.

ווענ דער ווינט ווייט איבער די רויטע פאנענ, רופט עס ארויס דערמאנונגענ. שטענדיק ווענ דער ווינט וועט ווייענ איבער די רויטע פאנענ, וועלנ מיר האבנ וועגנ וואס צו דערמאנענ זיכ.

ווי א ווינטל וואלט אומגעבלעטערט לאנג פארמאכטע בלעטלעכ, אזוי רופט דאס אלצ בא מיר ארויס דערמאנונגענ. אינ מיינ עלטער פארנעמענ נאכ געוויינלעכ די טרוימענ דאס ארט פונ די דערמאנונגענ. אבער אינ אלע אנקעטעס שרייבנ מיר (איכ, אונ די, וואס

אין איינ עלטער מיט מיר), אז מיר האָבנ אינ בירגער־קריג ניט אָנטייל גענומענ. לאָמיר זיכ דערמאָנענ. עפשער יאָ.

מיר האָבנ ניט געקעמפט מיטנ ביקס אינ האנט, מיר האָבנ ניט געוואָרפנ גראנאטעס, מיר זײַנענ אָבער געווענ קינדער, אָרעמע קינדער, מיר זײַנענ געגאנגענ באָרוועס, אונ ס'האָט געטראָפנ, אז מיר פלעגנ ארײַנטרעטנ מיט די פיס אינ בלוט.

---

איכ האָב זיכ געשראָקנ פארנ טויט. דער טויט—די טיפע שווארצקײַט מיט די פײַער־קרײַזנ, מיט די פליִענדיקע פינטעלעכ, מיטנ פאלנ אָנ אנ אָטעמ אינ א טיפנ אָפגרונט, אונ דאָס וועלנ שרײַענ אונ ניט קאָנענ וועט זיכ ארײַנכאפנ אינ מיר...

א קליינינקער, דארינקער האלבער גרעשעלע, וואָס ציטערט איבער זײַנ קליינ לעבנדל. גאָרניט קינדיש האָב איכ אויסגעעלטערט מײַנע פריִקע קינדער־יאָרנ (ביז 10 יאָר), די קינדער־יאָרנ, וואָס דארפנ זײַנ קלאָר ווי אויגנ פונ קעלבעלעכ, וואָס האָבנ זיכ (אלפי־יוישער) געדארפט ציִענ ווי א לאנגער שיינער כאָלעמ, פונ וועלכנ מע כאפט זיכ אופ אינ דער יוגנט אונ מע פארגעסט שטיקער פונ אימ.

שרעק פארנ טויט, ווײַל ארומ איז געווענ די מילכאָמע. מענטשנ האָבנ געהארגעט איינע די אנדערע, מע האָט זיכ געמיימעסט שלאָגנדיק. אונ אונדז האָט מענ עס ניט געוויזנ. דער טויט איז זייער שרעקלעכ. מיר האָבנ אָבער געמיינט, אז ער איז שרעק־לעכער.

איכ אונ מײַנ כאווער בוליע—מיר האָבנ געציטערט פארנ טויט. פארנ גענעמ האָבנ מיר ניט אזוי מוירע געהאט. אינ גענעמ לעבט מענ דאָכ. עמעס, אינ גענעמ כאפט מענ קלעפ. וואָסי, אונ מיר כאפנ ניט קיינ קלעפ?

מיר, צוויי קליינע מורעשקעס, האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ אפ א פליגל פונ מאלעכ־האמאָוועס.

אונדזערע טאטעס פלעגנ אונדז נעמענ אינ שול. נאָכ מײַרעוו פלעגנ זיי זיכ אוועק־שטעלנ ריידנ וועגנ דער מילכאָמע, דארדאנעל, קאָנסטאנטינאָפּאָל. דער טאטע זאָגט אזוי, בוליעס טאטע זאָגט פידרעכ. אזוי. פידרעכ. אזוי. פידרעכ. ביז מיר נעמט דוכטנ, אז עפעס האָט זיכ אינעווייניק אָפגעריסנ באמ טאטנ, ער קאָנ דעמ מויל ניט צומאכנ אונ ער וועט שוינ אזוי ריידנ אונ ריידנ. מיר פאלט צו די טיפע כאלאָשעס צומ הארצנ אינ מיר נעמט דוכטנ, אז איכ שטארב בא זיי אונטער די הענט.

אינדערהיימ—איינ בילד: וויִאזוי די שכיינע מענוכע, אָנגעטאָנ אינ אלע אירע צענ קליידלעכ אונ פאטשיילעכ (מע זאָל זי ניט באגאנוועַנענ) שפרייט אירע אָדלער־פליגל איבער איר זונ נאָכעמ אונ רײַסט אימ ארויס פונ די נעגל פונעמ טויט. זי איז דאפקע אויסנ געווענ, אז מע זאָל בא איר ניט צונעמענ אפ מילכאָמע איר איינציקע קרוינ פונ קאָפּ, איר ציפליא—נאָכעמ, זי האָט פאר אימ א טיפע גרוב אינ פירהויז אויסגעגראָבנ. באגראָבנ לעבעדיקערהייט. זי האָט אימ אינ די ווענט פארמויערט, זי האָט אימ אפ בוידעמס גע־האלטנ. ווי עס שיצט א לייביכע אירע קינדער, אזוי האָט זי אימ געשיצט.

מענוכע שטעלט באנקעס אונ קליסטירנ. זי פארהיט אלע כאלאָיִמ פונ טויט. זי קאָנ אויכ שפרעכנ אונ פארקויפנ הינער אונ ציפליאטעס.

בא מיר האָט זיכ געשאפנ אנ אינערלעכע זיכערקײַט, אז זי אונ איר זונ נאָכעמ וועלנ לעבנ אייביק—ווי די זונ פונ הימל, ווי די לעוואָנע אונ ווי די שטערנ. וואָרעמ מענוכע

עסט באָב פון א גרויסן טשוהון. קיינער קאָן אזוי ניט. און טרינקט זאטשירקע פון א גרויסן קאד. און שלאָפט אין די זאכן. און איז אפ גאָרנישט ניט קראנק אויסער אפ א רייז, ווען מע גיט איר אײַנהאָרע. זי וועט אלעמען איבערלעבן אפ אייב־אייביק.

און אפ איר פּאָנעם—אפן פּאָנעם פון דער אייביק־לעבעדיקער מעסושעלעכטע דערזע איך דעם שרעק פארן טויט, דאן ווען זי נעמטריידן וועגן איר זון נאָכעם. אין די פאלדן פון איר אויבערשטער שווארצער פאטשיילע לייגט זיך אויס דער שרעק. בא מיר פארהאקט זיך דער אָטעם און איך האָב מוירע צו קוקן אפ די שאָטנס, וואָס רײַסן זיך פון אלע ווינקלען.

אפן גאס פארשפּיליע איך זיך און פארגעס וועגן דעם. נאָר אָט פארגייט די זון, זי פאלט ארײַן אין טײַך און פארגעלט דאָרטן די יויך, און עס כאפּט מיר אָן די הינערבלינדקײַט. ווי א ליכטל לעשט זיך פאר מיר אויס די וועלט—און מיך, דעם קליינעם שפּענדעלע, וויקלט ארום די פינצטערקײַט און עסט זיך מיר אײַן אין די אויגן. עפּעס פּונקט ווי די גאנצע וועלט וואָלט ניט ווערן, און מיך האָט מען געלאָזן שטיין אפ א הויכן דאך. איך טאפּ די לופט, עס וויגט זיך אונטער מיר די ערד. ביז עמעצער נעמט מיר אונטערן האנט און פירט מיך אָפּ אהיים. ס׳איז בוליע.

דערנאָך קען איך ניט אײַנשלאָפן. די קאָפּ ווערט אלץ איבערגעלייגט פון איין טייל קישן, וואָס איז שוין אָנגעוואָרעמט, אפ אן אנדער טייל וואָס איז קיל. די קישן איז אָבער קליין און ווארעם, דאן לייג איך אוועק די קאָפּ צופוסן. סײַוויסײַ שווימען אָן די פײַעררעדער מיט די פינטעלעך.

פון אלע אונדזעריקע שטויסט זיך נאָר אָן דער שוועסטערקינד בעניע—אז מיטן קינד איז עפּעס ניט דאָס. ער פלעגט מיר ברענגען פערדלעך. ווערנדיק דערגיינ דעם סאָד פון לעבן, פלעג איך זיי עפענען די בײַכלעך.

וואָס טוט בעניע, האָב איך ניט געוווסט, נאָר ווי ס׳האָט אויסגעבראָכן די רעוואָליוציע איז ער נעלעם געוואָרן. אן אנדערשמאָל פלעגט ער קומען אין א שינעל אָן קנעפּלעך, און אין די אויגן איז עפּעס געווען א קאלטער גלאנץ פון ווײַטע מעקוימעס, וועלכן ער האָט צופעליק פארשלעפּט אהער. עטלעכע מאָל האָט מען אפן הויף שוין שטארק גערעדט פון דעם, אז ער איז שוין ניטאָ אפ דער וועלט, ווו וועט ער זיך דאָס אהינטאָן אפ יענער וועלט, דעם גענעם הייצט מען ניט, קיין האָלץ ניטאָ, און אין גאניידן איז געוויס ניטאָ וואָס צו עסן. מיטאמאָל פלעגט ער זיך א באווײַז טאָן. און אפילע ווען ער פלעגט זיך ווײַזן האָט קיינער ניט געגלויבט אינעם לאנגדויער פון זײַן לעבן. ניט קיין הונגער, ניט צום לעבן איז דער דאָזיקער מענטש. עפּעס ווי א באבעלע פליט ער ארום, ער וועט זיך אָפּברענען ווי א פליגעלע אפ דער זון. דער דאָזיקער מענטש גייט זיך אײַנשטעלן אין קאָן פאר אנדערע, איז שוין בעמיילע זײַן לעבן העפקער־ציבעלע. עפּעס שפּילט ער זיך מיט זײַן לעבן, און ער וועט אים פארשפּילן פאר א דרײַער. ניט צום לעבן איז דער דאָזיקער מענטש.

מיט גוואלד פאנאנדערגעריסענע אויגן האָב איך געקוקט אפ דעם דאָזיקן צײַטווײַליקן מענטש, אפ דער דאָזיקער איליוסטראציע צו דער ניט־שטאנדהאפטיקײַט פון לעבן.

באזונדערס, האָט ניט געהאלטן פון זײַן לעבן די שכיינע מענוכע—די מעסושעלעכטעס, פון אים שמעקט מיט פּולווער—זאָגט זי, און מיט הוישײַנעס־בלעטלעך. ער איז שוין צען מאָל באשאָסן געוואָרן און צען מאָל געשלאָגן געוואָרן. ריזיקאנטן. „ניין, אזעלכע“ קאָן מען קיין געלט ניט אנטלײַען אפילע אפן גרעסטן פּראָצענט. קיין יאָרשים,—בא וועמען צו מאָנען—האָבן זיי ניט.

דערנאָכ אז די פוילישע זײַנענ ארײַנ איז ער גאָרניט געוואָרנ, ס'איז געקומענ אפנ הויפ אנ אָפיצער אונ אײַנגעטשעפעט זיכ, אז פונ אונדזער הויפ האָט מענ געוואָרפנ א באָמבע. ער איז זייער נײַגעריק צו וויסנ ווער האָט געוואָרפנ די באָמבע. זאָל מענ אימ, אפ טשיקאווע, ווײַזנ, ווער האָט עס געוואָרפנ, אז ניט נעמט ער אונ שיסט נאָכעמענ, מענוכעס זונ, דאָ אפנ אָרט.

אָבער מענוכע מיט איר זונ נאָכעמ וועלנ לעבנ אייביק.—פאַנאָוויע—האָט זי אימ געזאָגט—איכ בינ א מינ פעלדשעריצע, איכ שטעל באנקעס אונ קליסטירנ. בארויִקט זיכ, איכ וועל אײַכ עפעס געבנ אפ בארויִקנ זיכ אונ האָט אימ ארײַנגערופנ צו זיכ אינ קאמער.

אינ דעמ טאָג האָט נאָכעמ געכאפט פעטש ווי האָגל—איכ וועל דיר צעשלאָגנ ווי אנ עפל,—האָט אימ בעניע געזאָגט,—גאָר ווי אנ עפל. אונ האָט אימ צעשלאָגנ.

אינ דעמ טאָג איז בעניע אנטלאָפנ, אונ אז מע דערמאָנט מענוכענ בעניעס נאָמענ, ווערט בא איר דער פאָנעמ ווי בא א סאָווע! די אויגנ קייכנ בא איר ארויס פונ קאָפּ.

דער אָפיצער איז געווענ א בייזער, מיט א פאָר געקיילעטע, בלוטיקע אויגנ, אונ מיט א פלאמיקנ נאָז פונ זונ־פארגאנג־קאָליר.

אינ א שיינעמ זומער־טאָג האָבנ די פאָליאקנ אָפגעטראָטנ פונ מינסק. זיי האָבנ אונטערגעצונדנ די שטאָט פונ אלע אירע עקנ. אינ יענעמ טאָג האָט זיכ געדוכט, אז די זונ פארגייט פונ אלע זײַטנ.

אנטקעגנ דעמ העלישנ פײַער בינ איכ געשטאנענ, דאָס פינפער לעמפעלע, אונ ווײַזט זיכ ארויס—איכ האָב זיכ ניט דערשראָקנ. עס ברענט די שטאָט אינ אלע איר ׳ עקנ. אלע, אלע וועלנ אָפברענענ. אלע וועלנ שטארבנ—אונ נאָכ מײַנ טויט וועט קיינער ניט טרעטנ איבער מײַנ קיווערל, ניט עסנ, טרינקענ אונ ווארעמענ זיכ אפ דער זונ.

איכ האָב געקוקט מיט מײַנע קינדערשע אויגנ אפ דער גרויסער סרייפע. אנ אָנגעצונדענע שטאָט, פלאמענ, רויכ, פונקענ, וואסער־שטראָמענ, מענטשנ־געלאָפ, סארא הערלעכ בילד! קנוילנ פײַער וויקלענ זיכ איינע אינ די אנדערע אונ וויקלענ זיכ פאנאנדער, אָט שפרינגענ פײַערדיקע לייבנ, לעמפערטנ, טיגערנ מיט פײַערדיקע גריוועס, אָט גיט א שפאר א גרויסער רויכ, באגילדט מיט אסאכ, אסאכ פונקענ, ווי אינ די כאלוימעס, ווי די קאָנפעטנ אפ מײַנ רײַכער מומעס כאסענע. אָבער אינ קליינעמ מייעכל ארבעט שוינ אויכ דער פיטשינקער געוויסנ. אָט שלעפט ארויס א פײַערלעשער א פארברענט קינד. פארקלעמט דאנ דאָס הערצל.

איכ שטיי אָבער מיט אנ אָפענעמ מויל.

אונ מענטשנ שרײַענ דאָכ. די ווײַבער קלאָגנ מיט אזא קענטשאפט פונ דער זאכ, אז עס דוכט זיכ, אז זיי האָבנ זיכ לאנג געגרייט דערצו, אײַנגערעפעטירט זיכ. אָבער אינעמ מאָנאָטאָנעמ געוויינ רײַסנ זיכ ארײַנ אומגעריכטע, הארצפלאצנדיקע טענער. נאָכ די געשרייענ קאָנ מענ ערשט זענ וויפל קראפט, ס'ארא גרויסע פארפלייצנדיקע קראפט זיי האָבנ צומ לעבנ, אונ דאָס לעבנ ברענט פאר זייערע אויגנ. אונ די מענער זײַנענ שטאָק־הייזעריק. לײדײַ וואָס די אויגנ אליינ האָבנ זיכ אָנגעכאפט. ברענט נאָכ די סרייפע אינ זייערע אויגנ. עפעס דוכט מיר, אז באלד וועלנ בא זיי נעמענ שפריצנ פונקענ פונ די אויגנ, אונ א רויכ וועט א זעצ טאָנ פונ מויל.

אָבער אָט שרײַט דאָכ אויכ מײַנ מאמע.

ס'פארגייט די זון—און איך זע ניט. די מאמע פירט מיך אהיים. אָבער איך זע פּײַערן און פּײַערן, און באנאכט פלאמט אונטער מײַן קאָפּ די קישן, פונקט ווי אינווייניק וואָלטן ניט פעדערן, נאָר הייסע קוילן געלעגן.

אפן סרייפע־פּלאַץ שלאָגן מיר זיך מיט שטיינער, א שלאכט־פעלד. דאָ שלאָגט זיך קאַצאנס כעוורע מיט ניאָניעס. קאצאן און ניאָניע פאָרן אף אייגענע פערד. פערד האָט מען דאן געקאָנט קריגן אומזיסט, איבערן שטאָט האָבן געבלאָנדזשעט פערד. מיר האָט זיך אויך געוואָלט א פערד. נאָר די מאמע האָט ניט געוואָלט. א פערד מעלקט זיך ניט, און לייגט קיין אייער ניט.

אף דער סרייפע זײַנען אויך ארויס די ווײַבער. מעציִעס. די סרייפע איז געוואָרן א פארזיי־שטעטל פון מעציִעס. ווי א היישעריק האָבן זיך די ווײַבער ארויסגעשאָטן אף דער סרייפע. ווי די שווארצע ראָבן נישטערן מיט די שנאָבלען—אזוי האָבן די ווײַבער גענישטערט אפן סרייפע־פּלאַץ. איך אליין האָב געפונען א ליאלקע מיט אָפּגעסמאליעטע האָר און א פּאָר שיינע פארפורקעס. אָבער נעכע די געלערקע האָט געפונען א זייגער מיט גאָלדענע ווײַזער. און זאוול דער שמיד האָט געפונען א לעבעדיקן אינדיק. ס'האָט זיך ארום און ארום געברענט די סרייפע, און דער אינדיק האָט זיך ערגעץ פארשארט און געבליבן לעבן. א אינדיק וויל אויך לעבן.

די אָפּגעברענטע באלעבאָסטעס האָבן געשאָלטן אין ביין אריַין, און דערנאָך איז בא אסאך ווײַבער געבליבן לעזיקאָרן, אז א קלאָלע איז פּאָרט א קלאָלע, ווער רעדט, אז מע פּאלט אריַין אין א פארסאמטן מויל. עטלעכע ווײַבער זײַנען פארן טאָג ארײַנגעפאלן אין די אָפּטרעטן, וועלכע זײַנען נאָך דער סרייפע פארוואלגערט געוואָרן מיט האלעוושקעס און ציגל. זיי זײַנען ארײַנגעפאלן ווי אין וועלפּ־גריבער.

און אין אָפּטרעט איז ארײַנגעפאלן די שכיינע מענוכע. אלע איבעריקע ווײַבער האָט מען ארויסגעצויגן, אָפּגעמינטערט, ארומגעוואשן און אף מאָרגן האָט זיך פון זיי אפילע ניט געהערט. און די שכיינע מענוכע איז דערטרונקען געוואָרן אף אן עמעס. אָט די שכיינע מענוכע, וואָס האָט, לויט מײַן האשאָרע, געזאָלט לעבן אייביק, וואָס האָט זיך מיט אירע שווארצע נעגל אזוי אײַנגעקלאמערט אין לעבן, איז געשטאָרבן מיטן מיִעסטן טויט. אזוי ניט איידל, מיט אזא טויט, וואָס דערמאָנענדיק זיך אָן אים, האָב איך ניט געקאָנט עסן, און ניט געהאט אפילע מיט וואָס צו ברעכן.

און איר זון—איר קרוינ פון קאָפּ—איז אין א כוידעש ארום געשטאָרבן. פון גרויל און פון שווינדזוכט. זי האָט אים פארמאָרעט אין די גריבער.

אפן הויף האָבן די שכיינים גערעדט וועגן דעם, אז די פּויילישע האָבן דערהארגעט דעם שוועסטערקינד בעניע. א גאנצע ראָטע פון יונגע קאָמוניסטן האָבן די פּויילישע אויסגעשאָכטן און בעניען אויך צווישן זיי.

אָבער אין א פּאָר טעג ארום איז אף א פארפיינעטן פערד מיט ווײַסע ארבל אי־בער די טלאָען און מיט פונקען פון הינטער די פּאָדקעוועס געקומען צופליִען בעניע, ס'האָט פון אים געשמעקט, ווי שטענדיק, מיט פּולווער און מאכאָרקע. דער שליעם איז געווען אין עטלעכע ערטער דורכגעשאָסן און דער שינעל דורכגעלעכערט. אָבער ער איז געווען גאנץ—א האָר האָט אף אים ניט געפעלט. און אפן פערד איז ער געזעסן הויך, שטאלצנע, און צוגעזאָטלט.

איך האָב אף אים געקוקט מיט פאנאנדערגעריסענע אויגן. אָט דער צײַטווײַליקער מענטש—לעבט, און מעסושעלעכטע, די אייביק לעבעדיקע, איז געשטאָרבן.

די ערשטע זאכ האָט ער בא מיר געפרעגט ווו איז די שכיינע מענוכע. די שכיינע מענוכע,—האָב איכ אים געזאָגט,—איז דערטרונקענ געוואָרנ אינ א מיִעסער זאכ אפ דער סרייפע. ער האָט אויסגעשפיגנ.

כאָטש ער האָט ניט געהאט קיינ גרויס אכטונג צומ אָנדענק פונ דער שכיינע מענוכע, געדענק איכ, אז ער האָט מאָביליזירט אלע שכיינים—בורזשויענ אפ „פרינודילאָוקע״. ער האָט זיי אוועקגעשטעלט אָפראמענ די אָפטרעטנ, וואָס אפ דער סרייפע.

אָט יענע אלע, וואָס האָבנ ניט געוואָלט געבנ קיינ הארטנ זעקסער, קיינ אויסגעבלאָזענע איי פאר זייַנ לעבנ, ווען ס׳האָט געדוכט, אז בעניע איז אנ איבערגייענדיקער שאָטנ, א צייַטווייַליק לעבנ, וואָס האלט זיכ אפ מישקולילעס,—זיי האָבנ ערשט איצטער דערפילט די לעבעדיקע האנט פונ אָט דעם מענטשנ, וואָס צווינגט זיי ראמענ די אָפטרעטנ. זיי האָבנ אימ געשאָלטנ מיט וויסטע קלאָלעס אונ כאראָמעס פונ זייערע פארסאמטע מייַלער. אונ ערשט דאָ האָבנ זיכ די ווייַבער געכאפט—אז ניט נאָר די קויל כאפט אימ ניט—קיינ קלאָלע נעמט אימ אויכ ניט.

צום לעבנ—ווייַזט זיכ ארויס—איז דער דאָזיקער מענטש, מיט זייַנ שליעם, מיט זייַנ שינעל אונ פערד.

אינ א פאָר טעג ארום איז ער אוועקגעפאָרנ מיט א פאנצער־צוג. אונ האָט מיר איבערגעגעבנ זייַנ פערד, איכ זאָל אימ אָפפירנ אינ „טראמאָט״. ער האָט מיכ ארופגעזעצט אפנ פערד.

פונ שטוב הער איכ מייַנ טאטנס קאָל. ער רופט מיכ דאוונענ. אָבער איכ זיצ דאָכ אפנ פערד.

ער גייט ארויס אפנ גאס מיכ רופנ, אָבער איכ הער אימ ניט.

דער טאטע האָט מוירע צו מיר צוגיינ. דאָס ערשטע מאָל אינ לעבנ, וואָס ער האָט מוירע צו מיר צוגיינ.

געבנדיק א טרייַב דעם פערד, דערפיל איכ פלוצימ אזא פרייַקייט, ווי איכ וואָלט זיכ פונ עפעס אָפגעריסנ.

איכ דערפיל זיכ פאר א קינד.

איכ זיצ אפנ פערד אונ צו מיר רייַסנ זיכ פונ אלע זייַטנ אונ בלאָזנ אינ פאָנעמ—די ווינטנ.

די ווינטנ פונ לעבנ.

כ. מאלטינסקי

# א וויג-ליד

שלאָפ איַין, מיַין זונעלע,
אונטער דיַין וויגעלע
וועט ניט שטיין
די אלטע ציגעלע.

וועסט מיט ראָזינקעס
ניט פאָרן האנדלען,
ניט מיט טוירע,
ניט מיט מאנדלען.

אין בלויען הימל
דאָרט וועט שוועבן—
זונעלע,
דיַין ליכטיק לעבן.

אין בלויען הימל
אפ שטאָלענע פייגעלעך,
א געזונט דיר
אין די אייגעלעך!

כ'וועל ניט אופהערן
קוקן אויבן,
ווי דו'סט זיך
אין די וואָלקנס הויבן.

ווי אן אָדלער
מאכן קריַיזן,
ווונדערלעכע
זאכן וויַיזן.

וועט מען שטיין
די קעפ פאריסן,
און פון אונטן
דיך באגריסן.

סטאלין וועט
ארויסגיין קוקן,—
וועלן מיַינע אקסלען
נעמען צוקן.

ס'וועט מיַין הארץ
פאר שטאָלצקיַיט קוועלן,
ס'וועט א הייסע טרער
זיך שטעלן.

וועסט מיַין קינד
פון שרעק ניט וויסן,
וועט זיַין טיַיער האנט
דיך גריסן.

שלאָפ זשע, זונעלע,
אונטער דיַין וויגעלע
וועט ניט שטיין
די אלטע ציגעלע.

וועסט מיט ראָזינקעס
ניט פאָרן האנדלען,
ניט מיט טוירע,
ניט מיט מאנדלען.

אין בלויען הימל—
דאָרט וועט שוועבן,
זונעלע,
דיַין ליכטיק לעבן.

אין בלויען הימל
אפ שטאָלענע פייגעלעך—
א געזונט דיר,
אין די אייגעלעך.

ה. רעליעס

# מיידל קאָמיוגיסטקע

(באלאדע)

.1

שווארצע וואָלקנס זײַנענ הויכ,
בלויער הימל—העכער,
אָנגעקרײַזלט האָט א רויכ
נידעריקע דעכער.

אינ א הײַזל אפ א ראָג,
שטייט א מאמע אויסגעבויגנ,
צו דער טאָכטער גיט א זאָג
מיט פארקלערטע אויגנ.

— מיידל! טאָכטער!
— מיידל! קינד!
קלאָגט די אלטע מאמע,
ניט צעיאָג זיכ ווי א ווינט
איבער בלויע יאמענ.

שלאָגט א קרענעצע־פּאָנטאנ,
בא די זומפנ גרינע.
וועט דער ווײַסער אטאמאנ
דאָרטנ דיכ געפינענ.

האָט דאָס מיידל ניט געפאָלגט
וואָס א מאמע יאילעט,
דאָרטנ גייט א רויטער פאָלק
שטויב אונ רויכ אפ מײַלנ.

מיט א ברוינינג אָנ א זײַט
אפ א שליאכ א גלאטנ:
— יאָג בולאנער! טראָג מיכ ווײַט,
ווו קאָמיוגיסטנ־יאטנ
קעמפנ העלדיש באמ פאנטאנ,
קעגנ ווילדנ אטאמאנ,
פאר דער מאכט פונ ראטנ.

.2

שווארצע וואָלקנס זײַנענ הויכ,
בלויער הימל—העכער,
אונ עס כלינענ זיכ אינ רויכ
נידעריקע דעכער.

ווײַסע ראָצכימ אפ די געסלעכ,
צלאָמימ אפ מונדירנ,
— שארט די טישנ!
— קײַקלט פעסער!
אונ צעפראלט די טירנ.

האָט די שיקערע ארוווע
פיס געכאפט אונ פלייטע,
ווײַל געקומענ זײַנענ בראווע
עסקאדראָנענ רויטע.

א פאפאכע אזא שווערע
בא דער זײַט—א שיידל,
אפנ קאָפּ א רויטער שטערנ
יאָגט פאָרויס דאָס מיידל.

אונ אפ ראָגנ סיש אונ פלאש,
ווו געוועננ די „ליאמע”,
אפ א קופע ברוינעמ אש
ליגט אצינד איר מאמע.

האָט דאָס מיידל זיכ פארנויגט
שווער דעמ קאָפּ פארבויגנ,
מיט באגיגענ־טוי באלייגט
שטיקער זונ פונ אויגנ.

זיכ פארהויבנ אפנ פערד,
לאָמיר בראטצי יאָגנ
— — — — — — —
— — — — — — —
דאָרטנ ווײַט אינ גרינעמ פעלד
האָט גענומענ טאָגנ.

בינ<u>יאָמינ שלעווינ</u> (פּאַריש)

# ווײַסער טעראָר

(א קאפּיטל פונ דעמ ראָמאנ „דער מארש אפ בריסק“)

גאנצפרי אינ כוידעש נאָיאבער ווײקלענ זיכ צעריסענע נעפּלענ אהינטער די אויסגעקרומטע הײַזקעס אונ פלויטנ ארומ ברעג. זיי קריכנ אָנ פויל אונ צעשוומענ אונטערנ פינצטערנ הימל. דער קילער טײַכ בלענדט מיט א שטאָלענעמ אָפּגלאנצ ארומ זײַנע פלאכע פארגאָסענע ברעגנ. אלע שײַבלעכ זײַנענ אינ די פרימאָרגנס פארשמירט מיט נעפּל אונ אינ דער נאָכמער פארהוילנקײַט הירזשענ ניכטער שווימענדיקע פערד, זיי פליעסקענ זיכ אינ קאלטנ וואסער.

פונ פיש־מארק שרײַענ געבונדענע כאזיירימ אפ פורלעכ, נישט געשמירטע אקסנ סקריפּענ.

אפ די נאָענטע בולווארנ האָט זיכ אינמיטנ העלנ טאָג פארפּלאָנטערט א שטיק רויטע טוכ אינ די טעלעפאָנ־דראָטנ. אונטערנ קאלטנ רעגנדל איז ער אלצ געשטאנענ אונ האָט זיכ אײַנגעקוקט. די לאנגע רייענ פורלעכ, וואָס ציִענ זיכ מיטנ קאָברינער שאָסיי, האָבנ זיכ פארהאלטנ אונטער אלעמענס פלייצעס. דער ווינט האָט זיכ געשפּילט מיט דער פאָנ. פארפריִער איז ער אונטערגעשפּרונגענ אונ זי א צענעמ געטונ אינ איר גאנצער ברייט, אנטפלעקנדיק די צוויי שורעס ווײַסע אויסיעס. אלע וואָלטנ עס דורכגעלייענ אויב, ווענ מע טוט זיכ מיטאמאָל נישט א צעשטופּ.

— היי, דיר זיכ דאָרט, „זיי“ זײַנענ שוינ דאָ...

ארומ די שיטערע בולווארנ אונ איבערנ מארק האָט זיכ אלצ געטאָנ א צעשיט. איבער די שטיינער האָט גיכ אונ צעפּלאָנטערט געקלאפּט דאָס שטעקעלע פונעמ געלנ צענזאָר. זײַנ גרינלעכע בעקעשע איז געווענ צעשפּיליעט אונ זײַנע טיפּ־פארשטעקטע אויגנ פונ אונטערנ לעדערנעמ דאשיק האָבנ נישטערנדיק, אופגעשטאָכנ, ווי א שפּיזנ, נאָענטע אונ ווײַטע פענעמער. די צוויי מונדירטע האָבנ זיכ שוינ מיט א לאנגנ שטעקנ געפּאָרעט ארומ די דראָטנ אונ די איבעריקע, וואָס זײַנענ אָנגעקומענ פונ דער זײַטיקער גאס, האָבנ מיט קאעס צעטריבנ דעמ נײַגעריקנ עולעמ.

אינ דער זעלבער צײַט האָט זיכ יאָסל קאלאפּײַ געהאט ארויסגעפּלאָנטערט פונ צווישנ די פורלעכ אונ איז דורכ די כאָרעווע פלעצער ארונטער צומ טײַכ, ס'איז אימ אפילע נישט אינטערעסאנט געווענ אומצוקוקנ זיכ אפ דער גראטשקע.

ווי אלעמאָל, האָט ער זיכ איצט גאנצ קאלבלוטיק אוועקגעשטעלט אינדערמיט שאסיי, אָפּגעשטעלט א שורע פויערישע פורלעכ, אריבערגעוואָרפנ דאָס פענדל אונ דאָס שטריקל פאמעלעכ אָפּגעשניטנ. דערנאָכ האָט ער זיכ מיט דערזעלבער רויִקײַט אוועקגעשפּאצירט צווישנ די פורלעכ.

— אָט דאָס איז דיר אָפּגעטאָנ א קאלטבלוטיק שטיקל ארבעט—האָט ער געמיטלעכ באטראכט—אונ באמיט זיכ צו דערמאָנענ אינ געדאנק ווי אזוי ס'זינגט זיכ דער בודיאָני־מארש. א שיינער מארש... ער איז אים שטארק געפעלנ געוועזנ. דער ווינט, וואָס האָט געוויינט אינ די דראָטנ, האָט, דוכט זיכ, אויכ א הילכ־געטאָנ מיטנ דאָזיקנ מארש. דינע טראָפּנס האָבנ אים געשטאָכנ אינ פּאָנים.

טשיקאווע—אָט די ראָכל מיט די קורצויכטיקע אויגנ—זיי בלאָנדזשענ לאנג ארום, ביז זיי געפינענ דעמ געזוכטנ, האָט אים אפנ לעצטנ שאבעסדיקנ שפּאציר שטארק געקלאפּט אינ דער פּלייצע. ער האָט גענומענ א וואָרט נאָכ מאָטלענ, וואָס האָט מיט א געבראָכענעמ לאָשנ אונ שטארק לאנגווײַליק דערציילט וועגנ דעמ זיבעטנ נאָיאבער, דערנאָכ האָט ער, יאָסל קאלאפּײַ, זיכ פּלוצימ געמאָלדנ צומ וואָרט. אלעמענ איז געוואָרנ זייער אינטערעסאנט, וואָס אזוינס וועט ער דאָ זאָגנ. גערעדט האָט ער זייער קורצ אונ בא זײַנע לעצטע ווערטער זײַנענ אלע געוואָרנ אָנגעשפּיצט. אלע האָבנ זיכ מיטאמאָל אײַנגעקוקט אינ זײַנ קאָנטיק־געשניטענער נאָז, אינ זײַנע קארע ביר־אויגנ אונ אפ זײַנ ארומגעגאָלטנ קאָפּ. דוכט זיכ, הארט אונ קאָנטיק זײַנענ געווענ זײַנע רייד אונ ס'איז געפעלנ געוואָרנ.

— מיר, כאווײרימ—האָט ער געזאָגט—מיר קענענ גוט אונדזער סוינע, מיר מוזנ אים קאָנענ, מיר מוזנ אים נאָכקוקנ אונ נאָכפאָרשנ ווי ער פאָרשט אונדז נאָכ, מיר מאכנ זיכ נישט קיינ איליוזיעס. יעדערער פונ אונדז קענ באלד אונ מאָרגנ זײַנ בא זיי אינ די הענט אונ דאָכ שרעקט עס אונדז נישט אָפּ. ווײַל מיר ווייסנ, כאווײרימ, פארוואָס מיר קעמפנ. אָהאָ, מיר ווייסנ שוינ איינמאָל!..

דעמ גאנצנ צוריקוועגס האָט אים ראָכל געקלאפּט אינ דער פּלייצע ארײַנ.

— אזוי, קאלאפּײַטשיקל, דו געפעלסט מיר, כ'זאָל אזוי לעבנ ווי דו געפעלסט מיר! האָסט געזאָגט דאָס, וואָס דיר איז געלעגנ אפנ צונג. נו, דו ביסט אנ ארבעטער אונ מאָטל—אנ אינטעליגענט. ס'איז שוינ גאָרנישט צופעליק, לויט מײַנ מיינונג...

אינ דער קאשטאנ־אלייע, ארומ דער צערקווע, האָבנ קראָענ דורכגעשניטנ די פײַכטע לופט אונ אופגעהויבנ זיכ ביז צו די רונדיקע דעכלעכ אונ טורעמלעכ. אפנ בארג־אראָפּ פונמ בלאָטיקנ געסל האָט סאמע אונטנ א בלענד־געטונ דער שטאָלענער רוקנ פונ טײַכ. א פארגעסענע טראטווע איז נאָכ ערגעצ דאָ געוועזנ צוגעאנקערט. צווישנ די שיטערצעשטעלטע בענק, אינ אופגעהייבענעמ בלעטער־געווירבל, האָט ער דערבליקט די צעוואָרפענע גרופּקעס, וואָס מ'האָט דאָ, אפנ פאָדפּונקט, באשטימט צו דער הײַנטיקער דעמאָנסטראציע. אינ ווינט, האָט זיכ בא א מיידל א קורצ שווארצ זשאקעטל פארהויבנ, בלאָנדע פאסמעס האָר האָבנ זיכ געשויבערט.

— נישט געזענ אינ ערגעצ זשאמענ?—איז אים לייעלע אנטקעגנ געקומענ מיט א וויכטיקער מינע אפ די פולע בעקלעכ—וויפל איז דער שיר צו ווארטנ?

— איכ ווייס? ער וועט דאָ באלד מיסטאָמע זײַנ!

צומ מארק האָט מענ זיכ ארויסבאקומענ איינציקווײַז אונ דורכ באזונדערע שטעגלעכ. מיט א רעגע פריִער האָט זיכ דאָ זשאמע פּלוצימ ארויפגעיאָוועט. זײַנע שמאָלע לענדנ האָט

ארומגענומענ אנ אָפגענוצטער רעגנ־מאנטל אונ זײַנע שיטערע האָר האָבנ זיכ געשויבערט אינ שטעכיקנ ווינט.

אפנ פוסטנ ברעג זײַנענ פארבליבנ פארטראָגענע רויכנ.

דער פילפארביקער טומל פונ די אָנגעפּאָרענע פורלעכ האָט זיכ געטרונקענ אינ נעפלדיקע טומאנענ. פונ א קליינ געמויערט מויערל, בײַם זײַט מארק, וואָס איז געווענ באשטעלט מיט אופגעשטעלטע דישליעס, האָט זשאמע א בליק־געטאָנ אפנ מארק־אראָפּ.

די פויערישע יוגנט האָט זיכ אומישנע געקליבנ ארום א קליינ טישל, ווו צוויי מארעוויכערס האָבנ פלינק איבערגעטוישט אינ דער האנט דרײַ פינגערהוטנ איבער א קליינ קײַקעלע ברויט. אלע האָבנ מאמעש געזענ, ווי דאָס קליינע ברויט־קײַקעלע איז געבליבנ ליגנ הינטער איינעמ פונ די עקסטע פינגערהוטנ. א פארשיקערט פּאָנעמ מיט אויסגעקוליעטע אויגנ האָט געליארעמט צומ ארומגעשטעלטנ עולעמ.

— נו, ווער שטעלט אײַנ אפ גליק?... פאר פינפ זלאָטעס קריגט מענ אויסגעצאָלט פינפונצוואנציק, אפ דער האנט... נו, ווער? אײַלט זיכ! דאָס גליק געדויערט נישט לאנג—עס אנטלויפט!

לויטנ אויסזענ א גאנצ בידנע פויערל, האָט אוועקגעשטופּט פאר זיכ אנ אָנגעפארבט מיידל מיט לאנגע אויערינגענ, ארײַנגעדרוקט זיכ אינדערמיט פונ געזעמל אונ גענומענ צעבינדנ א קליינ זעקעלע קליינ־געלט. ער האָט אפ קיינעמ זיכ נישט אײַנגעקוקט אונ האָט בלינד אוועקגעוואָרפנ דאָס געלט אפנ טישל.

— נו, מ'עט א פרווו־טאָנ אפ גליק!..

— גיכער, גיכער, ווער נאָכ?—האָט דאָס פארשיקערטע פּאָנימ מיט די אויסגעקוליעטע אויגנ געליארעמט.

דאָס בידנע פויערל לויטנ אויסזענ האָט געטראָפנ.

אנ אייגענער!

— אונטערגעשטעלט!—האָט עמיצ פונ אונטנ א מורמל געטאָנ.

מענ האָט אימ איצט ווירקלעכ אויסגעצאָלט פינפ מאָל אזויפיל. פונדערזײַט האָט זיכ א קליינ פארוויקלט באבעלע געשפּארט אינדערמיט ארײַנ.

— לאָזט, כ'וועל אויכעט פרווונ אפ מאזל, נאָר ס'פעלט א האלבע, וועל איכ נעמענ וויניקער!

צוויי פאָר הענט האָבנ זי געשטופּט פונ אונטנ אונ פונ פאָרנט—

— פרווו נישט אלטע, ס'איז שווינדל!

פונדערמיטנ האָט זיכ מיטאמאָל א פויסט אראָפּגעלאָזנ. הענט, פיס אונ קעפּ האָבנ זיכ א מיש־געטאָנ איניינעמ. פונ טומל איז צווישנ די פורלעכ אוועק דער פארשווינ מיטנ פארשיקערטנ פּאָנעמ, טראָגנדיק דאָס טישעלע. עטלעכע צעשויבערטע, אינ קורצע פעלצלעכ, מיט פארדעקטע הענט אינ די קעשענעס, האָבנ זיכ אימ זײַטיק נאָכגעשלעפּט.

נאָר אביסל ווײַטער, צווישנ ענג־צונויפגעשטופּטע פורלעכ, האָט זיכ אופגעהויבנ א נײַער טומל. די באבעס אפ די פורלעכ האָבנ אראָפּגעקוקט צו די זאמדנ אונ דערזענ: פיס, רעקלעכ, קורצע פעלצלעכ אונ צעפלויגענע זשאקעטלעכ. א מאסע קעפּ האָט זיכ א קער געטאָנ אהינ.

— זע נאָר, וואסקע, אָנ דאָרטנ—האָט זיכ אנ אלטיטשקער אופגעשטעלט אינ פורל—אוי, מענ וועט אימ נאָכ צעטרעטנ... איר וועט אָנקוקנ. אזויפיל מיט איינמאָל!

דאָס גרויע בילד פונוויַטנס איז באַפאַרבט געווען מיט רויטס. ווי א געפּענטעטער פויגל האָט זיך עס געריסן איבער קעפּ מיט א געפּאָך. ס'האָבן זיך אופגעכאַפּט געשרייען.

— אונדזעריקע, בענעמאָנעס, ווי אונדזעריקע! — האָט זיך א פּאַרוואָקסענער פויער געקלאַפּט מיט א פויסט אין דער ברוסט. זיַן אָפּגעפליקט פּעלצל האָט זיך אים פאַנאַנדערגעשפּיליעט.

— קומט, מענטשן, לאָמיר א העלפּ־טאָן...

דער ווינט האָט פאַנאַנדערגעטריבן די נאָכמיטאָגדיקע רויכן און אָפּגעריסן צעזייט דאָס אָנגעהויבענע ליד. ביז דעם בערגל זיַנען זיי דערקראָכן, דאָרט, ווו ס'שיטן זיך אראָפּ די קרומע געסלעך, אין דער זעלבער צייַט, ווען אין די וויַטע זאַמדן האָט זיך אופגעהויבן א פינצטערע וואַנט. די וואַנט האָט איַינגעשלונגען הינטער זיך די טריט און איז אראָפּגעשווומען אהערצו. הייסע פערדישע לייַבער האָבן, דוכט זיך, אן אָטעם געטאָן צו האַרט אונטער אלעמענס פּלייצעס, מיטן זעלבן ווינט האָט זיך אלץ א צעשיט געטאָן צו די אלע געסלעך, וואָס זיַנען פאַרפאַלן געוואָרן אונטער די טריט...

מ'האָט נאָכדעם פון מאַרק אראָפּגעפירט עטלעכע צעכראַסטעטע דאָרפישע באָכערימלעך מיט קייטעלעך אף די הענט. דער שווינדזיכטיקער צענזאָר איז זיי מיט א היפּערדיק טראָטל נאָכגעקראָכן פונדערוויַט. די פאַרוויקלטע קרעמער, ווי קראָען אף א ווינטערדיקער צוויַיג, האָבן פאַרדרייט די קעפּ אינאַזיַט, ווי זיי וואָלטן דאָ קיינעם כאָלילע, נישט געזען פירן...

באַנאַכט וועט מען שוין קלאַפּן אין לאָדנס און אין הינטער־טירן פון דער הילצערנער הינטערשטאָט. אין אויסגעלאָשענע באַגינענס וועט מען אראָפּפירן די באָכערים און די מיידלעך אהינצו, ווו די פענצטער זיַנען פאַרהאַנגען און ווו מ'לאָזט אינמיטן העלן טאָג שפּילן די ראַדיאָ, צו פאַרטויבן די געשרייען...

נאָר דערוויַל קלאַפּט א שטעכיקער רעגן אף די לעדלעך און גאַניקעס ארום ברעג. דער יאַריד איז שוין פאַנאַנדערגעפאָרן. ס'איז נאָך, דוכט זיך, טאָג, טריבער טאָג, און ס'לייַכטן זיך שוין שויבן אין גאַס אריַין. די שטיגן איבער דער קוזניע סקריפּען הינטער זשאַמעס טריט. דער רעגן־מאַנטל ארום זיַינע שמאָלע לענדן איז דורכגעווייקט, ביז צום לייַב. ער הערט נאָך דאָס אופגעציטערטע געשריי אפן מאַרק, די איַינגעזאַפּטע פערדישע טריט אינעם זאַמד. באַלד וועט דאָ א טיר סקריפּען שטיל, וויַל ער וועט נישט וועלן אופוועקן דער מאַמען. זי האָט זיך אוואַדע צוגעשפּאַרט. און עפּשער וואַרט זי שוין מיט האַרץ־קלאַפּעניש אף אים. זי האָט שוין מיסטאָמע געהערט, וואָס אפן מאַרק האָט זיך אָפּגעטאָן. ס'וואָלט גוט געווען שטיל אריַינצופאַלן און נישט הערן קיין רייד איבער זיך, די אייביקע טיַינעס...

...איז אָט לעבט מען ווידער, פרישע קויכעס... וויַיזט אויס, אראָפּגעגאַנגען צו א שכיינע, ניין, קיין טריט הערט מען נישט. דאָס פאָרהענגל איז פאַרצויגן און דאָך זעט מען דאָ אָן דעם טריבן גלאַנץ פון וואַסער אין דער נידער. ערגעץ אונטן האָבן גאָרנישט לאַנג אף די צעוויגטע שיפלעך אָפּגעהילכט לידער אינדערוויַט. פון דעם קאַסינאָ, וואָס מ'האָט דאָ פאַראיאָרן אופגעבויט, דערטראָגט זיך מוזיק. אף די באַלויכטענע טעראַסן וויגן זיך פּאָרלעך און האַרט בא די פאַרענטשעס צעפּאָכען זיך העלע קליידער פון לופטיקע מיידלעך...

אפן שלאָפבאַנק, אין שטרוי, שלעפּערט די מידקיַיט זיס איַין... וועט מען קומען, וועט מען קלאַפּן, וועט מען אוועקפירן... אלציינס — נישטאָ וואָס אויסצובאַהאַלטן זיך...

אינדערפרי איז זשאַמע אדורך דאָס טיַיך־געסל. ס'איז געווען שאַבעסדיקער טאָג, איז

דעריבער די קוזניע געװען פאַרשפּאַרט מיט דרענגער און מיט אומגעװאָליעטע שליטנס. באַם ראָג האָט זיך פאַרבײַגעשאַרט אַן אָפּגעפליקטער פאַרשװין מיט אַן אופגעשטעלט קעלנערל און אַ קרום היטל, אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויגן. ער האָט אַרופגעקוקט פון אונטערן דאַשיק, פונקט װי די זון װאָלט אים שטאַרק געשײַנט אין פּאָנעם־אַרײַן, כאָטש דער הימל איז געװען פאַרכמאַרעט, אָן אַ פּיצל שטראַל. אַ װינט האָט אופגעהױבן אינדערלופטן שטיקער פּאַפּיר און האָט צוגעקלאַפּט האַלב־צוגעלענטע לעדלעך. נאָך געװען גאָר פרי. זשאַמע האָט איצט געהאַט בעדייע צוריק אַראָפּצולאָזן זיך צו בעלקעס קאַכל־פאַבריק, איבערשמועסן מיט די צװײ פּױלישע כעװרע. ער האָט זיך אַלץ בעקװענקלט, נאָר װיקענטי האָט אים צוגערעדט.

— זײ טויגן, זאָג איך, מען קאָן זײ אָנטרויען. מיט מיר אפן בוידעם פון די שאָפּעס שלאָפן זײ. װעלן מיר עס דאָרט אײַנאָרדענען, אַז קײן האָן װעט נישט קרייען...

קאַלטע גרײַפּעלעך האָבן געציטערט אינדערלופטן און אים איז גאָרנישט אײַנגעפאַלן צו פאַרשפּיליען זיך די אויבערשטע קנעפּלעך פון דער טוזשורקע. דער לאַמטערן, װאָס איז אַזױ־װי אַרויסגעװאָקסן פון דער װאַנט איבערן קאָװיאַרנעלע אפן פלעצל, האָט נאָך אַזױ געברענט פון באַנאַכט. עטלעכע הײמלאָזע הינט האָבן זיך געגראַבלט צװישן די מיסטן אַרום די גלעזערנע טירן.

— ס'װאָלט געװען אינטערעסאַנט צו װיסן, צי האָט מען עמיצן הײַנטיקע נאַכט געשלעפּט פון די בעטן!

אַריבערגײיענדיק מיטן בולװאַר די פּאָסט־גאַס, איז אומבאַמערקט אויסגעװאַקסן לעבן אים אַ ליולקע. זי האָט זיך אַזױ געריכערט אונטער אים און ער האָט זיך אַלץ נישט אויסגעבויגן אַ קוק־טאָן װער ס'איז. דינע פּאַסיקלעך רויך האָבן זיך נאָכגעצויגן װי סטענגעס. דער מענטש מיטן אַראָפּגערוקטן דאַשיק האָט, דוכט זיך, געקוקט ערגעץ װײַטער, אַריבער אים, נאָר דערנאָך האָט ער אים זײער פּלוצים און לײַכט אַ נעם־געגעבן באַ אַן אַקסל און אַ זאָג־געגעבן צו אים—

— קום!

— װוהין

— װעסט שוין אָנקוקן... כ'האָב, דוכט זיך, געזאָגט עפּעס?..

אַקסל באַ אַקסל זײַנען זײ אַריבער דעם ראָג און פאַרקירעװעט אונטער די ליפּעס, צום באַקאַנטן טויערל, װוּ מ'האָט אים שוין אײנמאָל באַװאַכטערהײט אַרויסגעפירט...

ס'האָט אים אָבער שטאַרק נישט געשמעקט, װען ער האָט זיך גאָר באַם זעלבן טויערל נישט אָפּגעשטעלט. זײ האָבן אַזױ װײַטער אָנגעהאַלטן דעם זעלבן טראָט, אַקסל אין אַקסל. נאָר מיט צװײ טויערן װײַטער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פּלוצימדיקער גערויש.—װײַזט אויס, אַ לאַסט־אויטאָ האָט דאָרט אַזױ גערױשט, װײַל זשאַמע האָט שוין ניט באַװיזן אַרײַנצוקוקן...

פעסטע, אומזעבאַרע הענט האָבן אים פון אונטן אַרום אַריבערגעװאָרפן אַף די אַקסלען און געטראָגן אים אין טויער אַרײַן. דאָס מויל איז אים שוין געװען פאַרפּאַקט. געזען האָט ער שוין גאָרנישט. מיט אַ האַרטן זעץ אין נאַקן איז ער צוגעפאַלן צו אַ װענטל און הינטער האָט אַלץ מיטאַמאָל בענומען רוישן.

— װוהין פירט מען מיך?—האָט ער אויפגעריסן עמעצנס אַ האַנט.

קליינע שפּאַרעס ליכט האָבן געציטערט פאַרביַי צערוקטע ברעזענטן. דיזעלבע האַנט האָט געבלאָנדזעט ארום זיַין מויל און האָט נישט געקאָנט דערשטיקן זיַינע קוויטשן.

— שוויַיג!—האָט ער דערפילט א קאַלטן רעוואָלווער ארום די צעהיצטע שלייפן.

דורך די זעלבע שפּאַרעס האָט א שאַרפער ווינט געצויגן. פאַר די האַלב צוגעמאַכטע אויגן האָבן א שווינדל געטאָן עטלעכע אויסגעקרומטע פלעקן פון פענעמער. א שטעקן האָט אזוי לאַנג געשניטן די פּיס, דעם רוקן, אז דער שאַרפער, טעמפער ווייטיק האָט אים אַפּ א רעגע איינגאַנצן פאַרטויבט, אופגעמאַכט די פאַרשוווּמענע אויגן, האָט מען זיך אונטער זיַין רוקן געסוידעט.

— פּאַטערן אים און—שוין!

— אָפּשטעלן! איך טרעט אָפּ!

דער לאַסט־אווטאָ איז א וויַילע שטיין געבליבן. עמיץ האָט שטיל און ציִשנדיק אריַין געשפּריצט אין דער שאָפערקע:

— האַלטן דעם פּיסק, האָב איך נאָכאַמאָל געזאָגט!

די שטים האָט אים א לעכער געטאָן דער נאָווי־פּטאשעק...

איצט איז מען געפלויגן שנעלער, ווי פריִער. זשאַמען האָט זיך עס אַלץ גענומען דוכטן, ווי א וויַיטער שלעכטער כאָלעם. אין גיכן שווינדל פון געדאַנקען, האָט ער פאַרשטאַנען ווו ער געפינט זיך און וואָס מען גייט דאָ מיט אים אָפּטאָן. ער האָט געדענקט דאָס אַלץ, וואָס ווערט אינדערשטיל אָפּגעטאָן אַפּ אוקראַיִנע און אַפּ וויַיסרוסלאַנד, דאָרט, ווו ס׳קומען פאַר די פּאַציפיקאַציִעס. מע געפינט דערטרונקענע אין די טיַיכן, אין די זומפּן, אופגעהאַנגענע אין די וועלדער. די שמוציקע בלעטלעך פאַרשפּרייטן דערנאָך קלאַנגען, אז דאָס זיַינען פּראָוואָקאַטערן, אומגעברענגט דורך זייערע אייגענע כאַווירים אַליין...

אָבער צווישן די שפּאַלטן פון דער טרייסלדיקער וועלט לייַכט זיך העלער טאָג. און ער מוז נאָך אומבאַדינגט לעבן, און אויב יאָ שטאַרבן, זאָל די וועלט וויסן און זאָל זי זען, ווי ער שפּיַיט דידאָזיקע דעם לעצטן מאָל אין פּאָנעם אריַין...

— ער רירט זיך—האָט עמיץ אזאָג־געטאָן איבער אים.

ער האָט זיך נישט בלויז גערירט, נאָר אינמיטן טרייסלען זיך איבערן שאָסיי, האָט די גאַנצע שווערקיַיט פון זיַין גוף א פאַל געגעבן וויַיט פונעם אָפּגעלאָפענעם אווטאָ. געשריִען האָט ער אויך. און אָפּן נאָענטן, אָפּגעלאָפענעם באַן־פּלאַנט האָבן זיך געדרייכערט וועקסלענדיקע צוגן. מע וואָלט געוויס דערהערט זיַינע געשרייען, ווען צוויי פאַר העלנט טראָגן אים צוריק נישט אוועק צום אווטאָ...

אונטער א שורע ביימער האָט ער געוואַרט, דער אווטאָ, רירנדיק זיך, געוואַרט, צעטרייסלט מיט אַלע זיַינע געדערים. דאָס אָנגעפּאָרענע פורל האָט ער גליַיך אויסגעמיטן און איז גיך אוועק, זינקנדיק מיט די רעדער אין ווייכן זאַמד.

זשאַמע איז שוין איצט ווידער געלעגן פאַרטויבט, אָבער די הענט און די איבערגעבראָכענע שטעקנס האָבן נישט גערוט—איבערן נאַקן און איבער די פּלייצעס.

— א פויגל!—האָט מען שטיל, אזוי־ווי ארויסגעזיפצט.

אַפּ יענער זיַיט בריק, אונטערן דריטן פּאָרט, איז דאָס נאַקעטע פעלד געוועזן צעגראַבן. א קליין, שטויביק רויכל איז נאָכגעלאָפן דעם אווטאָ, וואָס האָט געטויכט אין נעפּל פון שטילן, ווינטערדיקן אינדערפרי. עטלעכע איַינגעבראָכענע ווערבעס, צעשלאָגענע פון דר־נערן, אָן בלעטער און אָן צוויַיגן, האָבן דאָ געשטעקט בא דער זיַיט פון א טיפן שמוציקן ראָוו. העכער אריבער א פינצטערער וואַנט פון ווינטערדיקע ביימער, האָבן זיך געטורעמט

די געבײַדעס פונ דער פעסטונג. איינע העכער פונ דער אנדערער. דאָס וואסער פונ די נאָנטע שליוזנ האָט גערוישט, ווי א הארבסטיק רעגנדל אפ שינדל־דעכער.

א זיסלעכער טאַם פונ בלוט האָט אים ווידער וואכ געמאכט. מיט אויסגעלאָשענע אויגנ האָט ער געקוקט צום נידעריקנ, אופגעריסענעם האָריזאָנט...

דער אווטאָ האָט לײַכט אוועקגערוישט צווישנ דיביימער, מיטנ שאָסיי.

די אײַנגעשניטענע שטריק האָט מענ אים אופגעבונדנ. קיינ פּענעמער האָט ער נישט אָנגעקוקט. זיי זײַנענ זיכ צעשוועמענ אינ רויטע רעדער. די פּײַכטע אונ קאַלטע לופט איז אים קלעפּיק געקראָכנ אינ האַלדז־ארײַנ. ער האָט מאכטלאָז אופגעהויבנ א האנט אונ צוריק אראָפּגעלאָזנ.

אינ לעצטער שרעק האָט זיכ אים נאָכ געוואָלט געדענקענ: א בלאַס אונ א לענגלעכ פּאָנעם, אײַנגערעמט אינ א הארבסטיקער נאכט, אפ א בולוואר, אונטער א ברודיקער שײַנ, אירע האָר האָבנ זיכ געווייעט אינ ווינט אונ אליינ האָט זי א קוק־געגעבנ, אויב דער אווטאָ אפנ פלעצל רירט שוינ. ער האָט טאקע באלד גערירט אונ מער האָט ער זי שוינ נישט געזענ. איז עס אים איצט א שאָד געווענ...

אונ ווענ די פולע ווערבע־צווײַג האָט זיכ שווער גענומענ אראָפּוויגנ, האָבנ זיכ פונ די כורוועדיקע לעכער, פונ דער נאָנטער פעסטונג, געברענגט צוטראָגנ איבער זײַנ קאָפּ בייזע אונ שווארצע געשרייענ.

די צעטראָטענע ערד ארום דער אײַנגעבראָכענער ווערבע האָט פאַראַטנ פיל צעפלאָנטערטע טריט. וואָס זײַנענ נאָר־וואָס, אינ גרויס אײַלעניש, אוועק צום נאָנטנ שאָסיי, אונטער דער בוימער־אלייע.

דער בוג צווישנ די בריק־וואלנ איז געוואָרנ מוטנער אונ בלײַקער. די פּײַכטע לופט האָט דורכגעשניטנ א דינער שפּריצ פונ א האָגל.

די צווײַג איבער זײַנ ארונטערגעזונקענעם קאָפּ האָט געקרעכצט פונ שוואכקײַט, געקרעכצט צוגלײַכ מיט די אומקרײַזנדיקע קראָענ אונ האָט זיכ מיטאמאָל אונטערגעבראָכנ. די גאנצע שווערקײַט האָט א פאל־געטאָנ צו דער ערד.

זשאמע איז געבליבנ אינ כאלאָשעס. אפ די ליפּנ האָט אים געטריקנט דער שוים. אונ דער שטריק ארום זײַנ האלדז האָט זיכ געשניטנ אינ לײַב־ארײַנ, ביז צום דערשטיקנ... דער שוואכער כאָרכל האָט נישט אופגעהערט אונ פאר די פארגלייזטע אויגנ איז שטיינגעבליבנ דאָס ברודיקע ליכט פונ לאמטערנ אפנ בולוואר אונ דאָס בלאסע פּאָנים, אײַנגערעמט אינ א הארבסטיקער נאכט, אינ שטילנ שאָרכ פונ בלעטער...

געשאָרכעט האָבנ נישט קיינ בלעטער, נאָר דאָס האָבנ שערענגעס זעלנערישע געקאָוועטע טריט געריבנ אינ גאנג דעם אספאלט פונ דער הענג־בריק איבערנ מוטנעם בוג. א וווילערישער סערזשאנט האָט זיי געפירט פונ אונטערנ דריטנ פּאָרט. צוריק פונ באגינענדיקע איבונגענ האָט ער זיי געפירט. ער איז הײַנט געווענ זייער אופגעבראכט אפ די פרישע רעקרוטנ. מיט עטלעכע וואָכנ צוריק האָבנ זיי דאָ, פאר די נײַ־געמויערטע קאָשארנ, אָפּגעגעבנ זייער טרײַהײַט־שווע פאר דער רעפּובליק... דער פּאָפּ, דער נײַער ראבינער מיטנ קסיאָנדז זײַנענ דערנאָכ צוריק געהאט אָפּגעפאָרנ אינ א קליינעם מיליטערישנ אווטאָ...

אופגעוועקט אינ פינצטערנ באגינענ, זײַנענ די זעלנער הײַנט מיד געקראָכנ אינ די בלאָטעס אפנ פרײַענ שעטעכ ארום דעמ דריטנ פּאָרט. ער האָט קעסיידער געליאַרעמט, דער סערזשאנט, אונ די שערענגעס זײַנענ אונטערנ דינעם האָגל געקראָכנ צעשאָטענע. איצט האָט ער זיי באשטראָפט—לויט זײַנעמ א באפעל, האָבנ זיי אינ פולנ סטראָי געפויזעט

אפּ די בײַכער איבערן צערעדערטן וועג, ווו דער געהיימניספולער אווטאָ איז מיט א מי־נוס פופצן צוריק אנטלאָפן.

— א געהאנגענער!—איז געקומען דאָס געשריי פון די ערשטע קריכנדיקע שורעס, וואָס האָבן דערפּויזעט צו דער אײַנגעבראָכענער ווערבע.

— אראָפּגעפאלן און איבערגעבראָכן די צווײַג.

— ווארט, ער זשיפּעט!—איז איינער דערקראָכן צום סאמע בוים.

דער פײַכטער שטעכיקער נעפּל האָט געגעצט און דאָס אָנגעהאנגענע געווער האָט נאָכגע־קלונגען. אלעמענס צעפּארעטע און שווייסיקע אָטעמס האָבן, ווי הינט, ארומגעשמעקט דעם פארכאלעשטן גוף. דאָס בייזע סערזשאנטל איז שוין דאָ אויך געשטאנען. איבער די ליגנדיקע איז ער געשטאנען.

— ווייס איך, א געהאנגענער זשיד!—האָט ער אוועקגעמאכט און זײַנע שטיוועלעך האָבן געטאָפּטשעט אין דער צעטראָטענער ערד.

אופגעהויבן האָט מען אים ווען די שווייסיקע אָטעמס האָבן, צוריקגייענדיק, מיט אונ־טערגעבראָכענע קניען, ווידער אנ אָטעם־געטאָן איבער אים...

אופגעכאפּט האָט ער זיך אין מיליטערישן שפּיטאָל, אין דער פעסטונג.

— פירט מיך אוועק פונדאנען!—האָט ער געגוואלדעוועט—דער מאמען רופט!

די מאמע איז שוין דאָ פונלאנג געוועזן. א נאסער, א צעשויבערטער, האָט ער זיך אײַנגעקלאמערט אין איר אָפּגעפליקטער פאטשיילע. ער האָט זיך געבעטן:—

— מאמע, זע מען זאָל מיך שוין ארויספירן פונדאנען!.. זיי וועלן מיר נאָך די רעשט פאטערן...

א דראָזשקע האָט בייז געקלאפּט איבער די שטיינער פון שאָסיי. זשאמעס פארוואָרפע־נער קאָפּ איז געוועזן פארוקט טיף אין דער בויד. דער שטעכיקער ווינט האָט געקלאפּט מיט דינע ריטער אין זײַן קאָפּ און די מאמע האָט שטיל ארײַנגעוויינט אין ווינט...

## ר. רייזין

* * *

איר, באָרוועסע כאַווייִרים, אין פעלד בא ברויט א לוסטע,
כ׳דערמאָג, מיט אזא צארטקייַט יענע אָנעטשעס און שמוץ.
כ׳האָב זיך געגרייסט מיט טראַנטעס, מיט פיס פון בלאָטע אויסגעקושטע
כ׳האָב פאראכט די הייַזער, וואָס זייַנען רייַך באפוצט.

ס׳קלאפט דאָס הארץ איצט, ווען כ׳דערמאָן זיך דעם אָנקום פון די רויטע,
אפ אלט־אָפּגעקראָכענע געלבע היטלען—שטערנדלעך צעשטראַלט.
— הורא!—פיס ווי מייַנע באָרוועסע צעשפרייטע,
— הורא! הייזן ווי מייַנע צעפליקט און ברודיק־אַלט.

כ׳האָב דאן וואזאָנעס שיינע פון וועראנדעס זאטע
געשלייַדערט און געטראָטן מיט א מאָדנע פרייד.
כ׳האָב א שטאָלצער אופגעהייבן ווי א פאָן א שמאטע
איבער מייַנע געסלעך פון בלאָטעס און פון נויט.

בלומען און וואזאָנעס! פריידיק־אומדערווארטע,
כ׳האָב דעמלט ניט פארשטאנען, אז איר וועט זייַן מייַן פרייד,—
צעטראָטן האָט דאָס לעבן מייַנע געפילן צארטע
האָב איך אויך געטראָטן יעדן קנאָספּ און קווייט.

מיט דער פרייד דער זעלבער, וואָס כ׳האָב באגעגנט דאן די רויטע,
באגעגן איך די גאסן אין אָט דעם יאָנטעוו־טאָג,
און ס׳זעען אויס מיר שענער די מענטשן אפ די לייטערס,
בא ווענט פון פארב נאָך נאסע באשייַנט אפ יעדן ראָג.

איר, באָרוועסע ארמייער, אין פעלד בא ברויט א לוסטע,
געבליט האָט אונדזער צארטקייַט אין אייַערע אָנעטשעס און שמוץ.
כ׳האָב זיך געגרייסט מיט טראַנטעס, מיט פיס פון בלאָטעס אויסגעקושטע
איצט גרייס איך זיך מיט אלץ, וואָס רייַך איז און באפוצט.



דעם 14 יולי האָט דער כ׳ גיקאַלאָ אופגענומען די גרוזינישע שרייבער־בריגאדע און א גרופּע ווייסרוסישע שרייבער.
אפן בילד: עס זיצן פון רעכטס אף ליגקס די כ״כ: גיקאַלאָ, מאַסאַשווילי, בואטשידזע, יאַנקאַ קופּאַלא, יאַקוב קאָלאַס. עס שטייען: די כ״כ קאָניק, באַטפּריר, לאָרדקיפּאַנידזע, קלימקאָוויטש, ליגקאָוו, האלאַוואַטש, באַריק, קולבאַק, אַלעקסאַנדראָוויטש, קראַפּיווא, טשאָרני, בראָנשטיין, זאַרעצקי און אנד.

# 15 יאָר קאמפ אונטער דער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ

דעמ 11־טנ יול—דידאָזיקע פריידיקע דאטע אינ דער געשיכטע פונ אונדזער רעפובליק—מערקנ אָפּ די ארבעטער, פויערימ אונ אלע ארבעטנדיקע פונ ווססר פונ יאָר צו יאָר ווי א גרויסנ יאָנטעוו, אונ האיאָר פאלט צונויפ דער 15־טער יאָרטאָג פונ באפרייַענ ווייַסרוסלאנד פונ די ווייַספּאָליאקנ מיט אנ אויסשליסלעכ גרויסער געשעעניש אינעמ לעבנ פונ אונדזער רעפובליק—מיט דעמ, וואָס ווססר איז באלוינט מיט א לענינ־אָרדענ פאר די באדייַטנדיקסטע דערפאָלגנ, וועלכע זי האָט דערגרייכט אינ מעשעכ פונ א ריי יאָרנ אפנ געביט פונ לאנדווירטשאפט, ווי אויכ אפנ געביט פונ אינדוסטריע.

סאָוועטנווייַסרוסלאנד איז געוואָרנ אנ אָרדענטרעגערישע רעפובליק. ווססר האָט זיכ געשטעלט אינ די רייענ פונ די פאָרויסגייענדיקסטע רעפובליקנ אונ געגנטנ פונ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד.

דאָס באלוינענ ווססר אונ אירע פירער—די כ'כ' גיקאלאָ אונ גאָלאָדעד—מיט א לענינ־אָרדענ איז א באדייַטונגפולער ווייַזער אפנ היסטאָרישנ וועג, וואָס עס האָט דורכגעמאכט אונדזער רעפובליק, פונ אנ אָפּגעשטאנענער, קאפּצאָנישער, אגרארער, פינצטערער אונ דערשלאָגענער קאָלאָניע פונ דעמ צארישנ רוסלאנד ביז א פאָרויסגייענדיקער, בליענדיקער אינדוסטריעל־אגרארער סאָציִאליסטישער רעפובליק. דאָס באלוינענ מיט א לענינ־אָרדענ ווססר אונ א ריי אנדערע קאנטנ אונ געגנטנ איז אנ אויסדרוק פונ די אלוועלטלעכ־היסטאָרישע זיגנ, וואָס עס האָט אָפּגעהאלטנ דער סאָוועטנפארבאנד אונטער דער אָנפירונג פונ אונדזער פארטיי אונ פונעמ קלוגנ פירער פונ אלע ארבעטנדיקע כ' סטאלינ.

ווססר—איינע פונ די רעפובליקנ פונ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד—האָט זיכ דערשלאָגנ ריזיקסטע זיגנ אפנ פראָנט פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג אינ רעזולטאט פונ דעמ, וואָס די קפ(ב)וו, ווי אנ אומאָפּרייַסבארער טייל פונ דער אלקפ(ב), האָט דורכגעפירט אונטער דער אָנפירונג פונ צק אלקפ(ב) אונ פונ כ' סטאלינ פערזענלעכ די גענעראלע פארטיי־ליניע, געקעמפט פאר דער זאכ פונ סאָציִאליזמ אונטער דער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ, צעשלאָגנדיק אומראכמאָנעסדיק אלע אָפּאָרטוניסטנ, קאָנטר־רעוואָליוציִאָנערע טראָצקיסטנ, זינאָוויעווצעס אונ בורזשואזע נאציִאָנאליסטנ פונ אלע מינים.

ווססר האָט זיכ דערשלאָגנ דידאָזיקע ריזיקסטע דערפאָלגנ אינ רעזולטאט פונ דורכפירנ ריכטיק די לענינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק, אינ רעזולטאט פונ דער סיסטעמאטישער הילפ פונעמ פראָלעטאריאט פונ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד, אינ רעזולטאט פונ דער העראָישער ארבעט פונ די אנ ־עטנדיקע מאסנ פונ ווססר, וועלכע האָבנ טאָגטעגלעכ געקעמפט פאר

דער זאך פון סאָציאַליזם, אונטער דער אָנפירונג פון די באָלשעװיקעס פון װײַסרוסלאנד, אינדערשפּיצ מיטנ כ' גיקאלאָ.

דער פאָלק-יאָנטעװ פון 11־טנ יול 1935 י. איז א יאָנטעװ פון טריומף פון דער גענעראלער פּארטיי-ליניע, פון איר לענינישׂ־סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק, א יאָנ־טעװ פון אונטערציִענ סאכאקלענ פון אונדזערע זיגנ אינ דער סאָציאַליסטישער בױונג און אינ מאָבילִיזירנ די מאסנ צום קאמף פארנ אויספילנ די נאָך ניט געלייזטע אויפגאבעס.

* * *

דער בירגער-קריג פון 1918—1920 י. י. איז געװענ א גיגאנטישער צוזאמענשטױס צװישנ צװיי װעלטנ: א װעלט פון אויפגייענדיקנ סאָציאַליזם און א װעלט פון פוילנדיקנ קאפּיטאליזם.

דער קאמף אפ די פּילצאָליקע פראָנטנ פון בירגער-קריג האָט געפאָדערט א קאָלאָסאלע אָנשטרענגונג פון די קויכעס פון ארבעטער־קלאס. סאָװעטנ-רוסלאנד האָט זיך געפונענ אינ א פײַערדיקנ רינג. אפ צאָפנ—די ענגלענדער, אמעריקאנער און דאָס װײַסגװארדיי־ישע מיליטער פון דער רוסישער קאָנטר־רעװאָלוציע, אפ מײַרעװ און דאָרעמ—די דײַטשנ, אפ מיזרעכ—די טשעכנ און װײַסגװארדייער.

אינ פרילינג 1919 י. האָט די אנטאנטע אונטערגענומענ דעמ ערשטנ מארש קעגנ סאָ־װעטנרוסלאנד.

„דער דאָזיקער מארש איז געװענ א קאָמבינירטער, װײַל ער האָט געהאט אינ זיך א געמיינזאמענ אָנגריף פון קאָלטשאקנ, דעניקינעג, פון פוילנ, יודעניטשנ און פון די גע־מישטע ענגליש־רוסישע אָפּטיילונגענ אינ טורקעסטאנ און אינ ארכאנגעלסק, דערבײַ איז דער שװער־פּונקט פון מארש געלעגנ אינ ראיאָנ פון קאָלטשאקנ" (סטאלינ).

„אינ דעמדאָזיקנ פעריאָד,—האָט װײַטער געשריבנ כ' סטאלינ,—האָט רוסלאנד איבערגע־לעבט א קריטישע מינוט, װײַל זי איז, זײַענדיק אָפּגעשניטנ פון די ברױט-ראיאָנענ (סיביר, אוקראִינע, צאָפנ־קאװקאז) און פון הייצ־װארג (דאָנער באסיינ, גראָזני, באקו), גע־װענ געצװוּנגענ צו קעמפנ אפ 6 פראָנטנ.

דער אויסשליסלעכער העראָיִזם און אָפּפערװיליקײַט פון ארבעטער־קלאס און פון די ברייטע מאסנ פון ארבעטנדיקנ פויערטום, װאָס האָבנ זיך באהעפט ארומ דער קאָמוניס־טישער פּארטיי, די ריכטיקע מיליטעריש־סטראטעגישע און פּאָליטישע אָנפירונג מיצאד דעמ שטאב פון דער לענינישער פּארטיי, װאָס האָט אָפּגעװאָרפנ טראָצקעס קאפּיטוליאנטישנ פּלאנ, האָבנ געזיכערט דעמ איבערבראָך אפנ מיזרעכ־פראָנט לטובת דער רױטער ארמיי. די רױטע ארמיי האָט אונטער דער קאָמאנדע פון כ' פרונזע געבראכט קאָלטשאקנ הינטער בוגורוסלאנ אנ ערנסטע מאפּאָלע, נאָך װעלכער די קאָלטשאקישע ארמיי איז אינגיכנ גע־װענ געצװוּנגענ שנעל אָנצוהייבנ אנ אלגעמיינעמ צוריקטריט אפנ גאנצנ פראָנט.

איינער פון די 6 פראָנטנ אינ פעריאָד פון 1־טנ מארש פון דער אנטאנטע איז געװענ דער פראָנט קעגנ די װײַספּאָליאקנ, װעלכע האָבנ אָקופּירט װײַסרוסלאנד און האָבנ דעמ 6־טנ יונ 1919 י. פארנומענ איר רױטע הױפּט־שטאָט מינסק.

נאָך דעמ װי די רױטע ארמיי האָט צעקלאפּט דעמ צװייטנ מארש פון דער אנטאנטע (הארבסט 1919 י.), נאָכנ צעקלאפּנ דעניקינענ און יודעניטשעס קאָנטר־רעװאָליוציאָנערע באנדעס—האָט די רױטע ארמיי צום אָנהויב 1920 י. אָפּגעהאלטנ זיגנ קימאט אפ אלע

פראָנטנ פונ בירגער־קריג. אפ דאָרעמ, מיזרעכ, צאָפנ און צאָפנ־מיזרעכ זײַנענ ליקווידירט געוואָרנ די הויפט־קויכעס פונ די ווײַסע.

אָבער דער בירגער־קריג האָט ערנסט זיכ צעפלאקערט מיט א נײַער קראפט. די אנטאנטע האָט אָרגאניזירט א דריטנ אנטיסאָוועטישנ מארש, שטרעבנדיק צו געבנ א קלאפ דאָס לאנד פונ די סאָוועטנ מיט די קויכעס פונ דער פריצישער פוילנ און מיט די רעשטלעכ פונ די דעניקינישע ארמייענ, וואָס האָבנ אונטער דער אָנפירונג פונ באראָנ ווראנגעל זיכ פארהאלטנ אינ קרימ.

פוילנ, אויספילנדיק דעמ באפעל פונ דער אנטאנטע, האָט געשטרעבט צו רעאליזירנ אויכ אירע אייגענע אימפעריאליסטישע פארכאפערישע טענדענצנ און, פאנאנדערפלאקערנדיק דעמ שאָוויניזמ, אויסנוצנ די מילכאָמע ווי א מיטל צומ קאמפ קעגנ דער אָנוואקסנדיקער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ פוילנ. די פוילישע פריצימ און קאפיטאליסטנ האָבנ געשטרעבט צו אָפנעמענ זייערע פארלאָרענע גיטער, פאבריקנ און זאוואָדנ, האָבנ געשטרעבט צו א קאָלאָניאלער אונטערדריקונג פונ אוקראיִנע און ווײַסרוסלאנד.

אינ דער צווייטער העלפט פונ אפרעל 1920 י. האָבנ די ווײַספאָליאקנ אָנגעהויבנ אנ אָנגריפ אפ דער סאָוועטישער אוקראיִנע.

אָנצופירנ מיטנ קאמפ פונ דער רויטער ארמיי קעגנ די אָנגרײַפנדיקע ווײַספאָליאקנ האָט די פארטיי געשיקט אפנ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט דעמ גרויסנ אָרגאניזאטער פונ די זיגנ פונ די ארבעטנדיקע אפ אלע פראָנטנ פונ בירגער־קריג, לענינס נאָענטסטנ מיטקעמפער—דעמ כ׳ סטאלינ. אפנ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט איז געשיקט געוואָרנ די 25־טע טשאפײַעוו־דיוויזיע און די ערשטע רײַטער־ארמיי.

אפנ מײַרעוו־פראָנט זײַנענ אויכ געשיקט געוואָרנ באדײַטנדיקע מיליטערישע טיילנ. צומ אָנהויב פונ זיגרײַכנ יול־אָנגריפ פונ דער רויטער ארמיי זײַנענ אפנ מײַרעוודיקנ פראָנט געווענ קאָנצענטרירט די 3, 4, 15 און 16 ארמייענ און די מאָזירער גרופע.

אנ אנטשיידענער איבערבראָכ אפנ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט איז דערגרייכט געוואָרנ אדאנק דער דערפאָלגרײַכער טעטיקײַט פונ דער ערשטער רײַטער־ארמיי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרנ דורכנ כ׳ וואָראָשילאָוו און בודיאָני.

דעמ 5־טנ יונ „האָבנ אונדזערע רײַטער־טיילנ קאָנצענטרירנדיק זיכ אינ א פויסט און צונויפציִענדיק די אָבאָזנ אינ צענטער פונ פויסט, דורכגעריסנ דעמ פראָנט פונ קעגנער אינ ראיאָנ פאפעליאנ—קאזאטינ" (סטאלינ). דער דורכרײַס פונ פוילישנ פראָנט האָט געצוונגענ די ווײַספאָליאקנ שנעל אָפצוטרעטנ. דעמ 7־טנ יונ האָבנ די טיילנ פונ דער ערשטער רײַטער ארמיי פארנומענ די שטאָט זשיטאָמיר.

פאנאנדערוויקלענדיק דעמ ווײַטערדיקנ דערפאָלגרײַכנ אָנגריפ, האָבנ די טיילנ פונ דער 58־טער שיסער־דיוויזיע פונ דער 14 ארמיי פונ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט פארנומענ דעמ 11־טנ יונ די שטאָט קיִעוו.

„דאָס צעשמעטערנ דעמ גאנצנ פוילישנ פראָנט אפ אוקראיִנע און די קימאט פולשטענדיקע פארניכטונג פונ דער דריטער פוילישער ארמיי הינטער קיִעוו, די טויט־קלעפ בא בערדיטשעוו און זשיטאָמיר און די באוועגונג פונ דער ערשטער רײַטער־ארמיי אינ ראָוונער ריכטונג האָבנ געשאפנ א סיטואציע, וואָס האָט געמאכט מעגלעכ אויכ אפ אונדזער מײַרעוו־פראָנט אָנצוהויבנ אנ אלגעמיינעמ אָנגריפ" (וואָראָשילאָוו).

קעדיי אונטערצוהאלטנ דעמ אָנגריפ פונ די טיילנ פונ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט איז אינ אָנהויב יונ אריבערגעגאנגענ אינ אָנגריפ די מאָזירער גרופע און דעמ 20־טנ יונ—די

לינקפליגלדיקע טײלנ פונ דער 15 רויטער ארמײ פונ מײַרעוו־פראָנט. אינ רעזולטאט פונ אָפּטרעטנ פונ די ווײַספּאָליאקנ אפנ דאָרעמ־מײַרעוודיקנ פראָנט, אונטער דעמ מעכטיקנ דרוק פונ דער מאָזירער גרופּע און לינקנ פליגל פונ דער 16־טער ארמײ, האָבנ די פּאָליאקנ אָנגעהויבנ אָפּצוטרעטנ מיט זײער רעכטנ פליגל אינ מאָזירער ראיאָנ. דעמ 21־טנ יונ האָט די צווײטע קאוואלערישע בריגאדע פארנומענ די שטעטל כויניק. דעמ 23־טנ יונ האָבנ טײלנ פונ דער מאָזירער גרופּע פארנומענ די צוגענג צו דער שטאָט רעטשיצע און דעמ 29־טנ האָבנ זײ אײַנגענומענ די שטאָט מאָזיר.

פארטאָג דעמ 4 יול זײַנענ די 3, 4 און 15 ארמײענ אריבערגעגאנגענ אינ אָנגריפ. אינעמ זעלביקנ טאָג איז דער קעגנער צעשלאָגנ געוואָרנ און אונטער דעמ דראנג פונ פולשטענדיקער פארניכטונג איז ער געווענ געצוווּנגענ אײַליק אָפּצוטרעטנ, אויסרעכענענדיק זיכ צו פארפעסטיקנ אפ באשיצנ זיכ אינ די אלטע דײַטשישע טראנשײענ פונ פעריאָד פונ דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. אָבער דער האסטיקער אָנגריפ פונ די טײלנ פונ מײַרעוו־פראָנט און די ארומגאנג־טעטיקײַט פונ דער 4־טער ארמײ, באזונדערס פונ באוועגלעכנ 3 קאוואלעריע־קאָרפּוס פונ כ' גײַ, האָבנ צעשטערט די פּלענער פונ די ווײַספּאָליאקנ. גײַס קאוואלעריע האָט פארנומענ די דײַטשישע טראנשײענ פריִער, ווי ס'האָבנ באוויזנ אהינ צוצוגײנ די הויפּט־קרעפטנ פונ קעגנער.

אינ דער נאכט פונ 6־טנ אפנ 7־טנ יול איז אריבער אינ אָנגריפ די 16־טע ארמײ. זי האָט דערפאָרלגרײַכ פאָרסירט דעמ טײַכ בערעזינא, זי האָט גלײַכ פארנומענ דעמ גאנצנ גרויסנ ראיאָנ אפנ קעגנ־בערדיקנ ברעג, פאנאנדערוויקלענדיק אנ אָנגריפ אינ דער ריכטונג פונ מינסק.

אזוי האָט זיכ אָנגעהויבנ דער יול־אָנגריפ פונ דער רויטער ארמײ אפנ מײַרעוו־פראָנט, וועלכער האָט אומגעוואָרפנ דעמ קעגנער און האָט אימ געצוווּנגענ שנעל אָפּצוטרעטנ. די ווײַספּאָליאקנ, וואָס זײַנענ געשטויסנ געוואָרנ דורכ דער 27 שיסער־דיוויזיע פונ דער 16־טער ארמײ, האָבנ געלאָזנ א פּאָזיציע נאָכ א פּאָזיציע. דעמ 10 יול האָבנ די טײלנ פונ דער 27 שיסער־דיוויזיע אינ קאמפ זיכ צוגערוקט אפ א מעהאלעכ פונ 10—12 קילאָמעטער צו מינסק אינ ראיאָנ יעזערישטשא־סטעקלעווא. דעמ 11־טנ יול אינדערפרי פירנ די טײלנ פונ דער 27־טער שיסער־דיוויזיע אײַנגעשפּארטע קאמפנ קעגנ דער 2־טער פּוילישער דיוויזיע באמ צוגאנג צו מינסק.

צו 11 אזײגער 30 מינוט האָבנ די פאראײניקטע קאמאנדעס פונ די רײַטער־אויסשפּירער פונ 238־טנ בריאנסקער און 239־טנ קורסקער פּאָלקנ זיכ דורכגעריסנ קײנ מינסק, ארײַנברענגענדיק א פולשטענדיקנ כאאָס צווישנ די אָפּטרעטנדיקע טײלנ פונ קעגנער.

צו 12 אזײגער זײַנענ דער 241 פּויערישער און 242 וואָלגער פּאָלקנ, צעקלאפּנדיק די ווײַספּאָליאקנ בא דער סטאנציע מינסק ארײַנ אינ שטאָט. צו 14 אזײגער איז מינסק געווענ ענדגילטיק אָפּגעראײניקט פונ די ווײַספּאָליאקנ.

דער 3 מארש פונ דער אנטאנטע האָט געליטנ א מאפּאָלע, אזוי ווי די ערשטע צווײ.

„נאָר אדאנק דעמ, וואָס די פּארטײ איז געווענ אפ דער וואכ, וואָס די פּארטײ איז געווענ אפנ שטרענגסטנ אויפנ דיסציפּלינירט און דערפאר וואָס דער אוטאָריטעט פונ דער פּארטײ האָט פאראײניקט אלע אמטנ און אנשטאלטנ, און לויטנ לאָזונג, וועלכנ ס'האָט געגעבנ דער צק זײַנענ, ווי אײנ מענטש, געגאנגענ צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער און אינ ענדגילטיקנ סאכאקל מיליאָנענ, און נאָר דערפאר, וואָס עס זײַנענ געבראכט געוואָרנ אומגעהערטע קאָרבאָנעס—נאָר דערפאר האָט דער וווּנדער, וועלכער איז פאָרגעקומענ, גע-

קענט פאָרקומענ. נאָר דערפאַר זײַנענ מיר געווענ אימשטאַנד צו זיגנ, ניט קוקנדיק אפנ 2־מאָליקנ, 3־מאָליקנ אונ 4־מאָליקנ מאַרש פונ דער אַנטאַנטע אונ פונ די אימפּעריאַליסטנ פונ דער גאַנצער וועלט" (לענינ).

" „ "

די ווײַספּוילישע אָקופּאַציע האָט געבראַכט פאַר די אַרבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאַנד אַנ אומגעהויערע סאָציאַלע אונ נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, פּאָליטישנ טעראָר, ווילדע צעהוליעטקײַט פונ דער קאַפּיטאַליסטישער אונ פּריצישער רעאַקציע.

שוינ אינ די ערשטע טעג, נאָכ דעם ווי די ווײַספּאָליאַקנ האָבנ פאַרנומענ מינסק, האָבנ זיי צעשאָסנ אַרום הונדערט מענטשנ אונ העכער 1 000 מאַנ זײַנענ אַרײַנגעוואָרפנ געוואָרנ אינ די טורמעס. די ווײַספּוילישע אָקופּאַנטנ האָבנ אומבאַרמהאַרציק זיכ אָפּגערעכנט מיט די בעסטע מענטשנ פונ דער פּאַרטיי, פונ אַרבעטער־קלאַס אונ אַרבעטנדיקנ פּויערטום.

אינ דער אָקופּירטער ווײַסרוסלאַנד האָבנ די ווײַספּאָליאַקנ באַנײַט דעמ פּריוואַט־אייגנטומ, וואָס די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע האָט פאַרניכטעט, האָבנ אומגעקערט צו די פּריצימ די מאַיאָנטקעס, די פאַבריקנ אונ זאַוואָדנ די פאַבריקאַנטנ.

די פּוילישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבנ א געזעצ וועגנ אומקערנ די פּריצימ אַלצ, וואָס איז גענומענ געוואָרנ אינ די מאַיאָנטקעס, אונ מע זאָל באַצאָלנ פאַרנ צעשטערנ די מאַיאָנטקעס, פאַרנ אויסגעהאַקטנ וואַלד, פאַר די פּריערדיקע אַרענדעס א. א. וו.

ווילדער טעראָר, קלעפּ, פּאָגראָמענ אונ זדיעקעס פונ די לעגיאָנערנ האָבנ פאַרפולט דאָס בילד פונ קאָלאָניאַלנ רויב אונ עקספּלואַטאַציע פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ מיצאַד די ווײַספּוילישע אָקופּאַנטנ.

די אָרטיקע נאַציאָנאַליסטישע קאָנטער־רעוואָלוציע האָט מיט אַלע קרעפטנ געהאָלפנ די אָקופּאַנטנ רעאַליזירנ זייער פּאָליטיק פונ פאַרוואַנדלענ ווײַסרוסלאַנד אינ א קאָלאָניע פונ אימפּעריאַליסטישנ פּוילנ. די ווײַסרוסישע נאַצדעמענ אונ אַלע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטנ פונ פאַרשיידענע קאָלירנ האָבנ הייס אונ פריידיק באַגעגנט די ווײַספּאָליאַקנ אינ מינסק. די נאַצדעמישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע צײַטונג „זוואָנ" האָט אפ פאַרשיידענע אויפאַנימ באַזונגענ די „אויסלייזערס" פונ ווײַסרוסלאַנד—די ווײַספּאָליאַקנ. זי האָט געזונגענ ליבגעזאַנגענ „דעמ דרייסטנ ריטער" פונ מײַרעוו, פאַרזיכערנדיק אימ אינ איר לאַקייִשער איבערגעגעבנקײַט אונ רופנדיק ניט צו פאַרהאַלטנ זיכ בא דער בערעזינא נאָר גיינ ווײַטער אפ מיזרעכ.

„פּוילנ,—האָט געשריבנ „זוואָנ"—דאַרפ רוקנ איר מיליטער נאָכ ווײַטער אפ מיזרעכ, קעדיי אָפּצונעמענ בא די באָלשעוויקעס מיזרעכ-ווײַסרוסלאַנד... ווײַסרוסלאַנד האָט דאָס רעכט צו האָפנ, אַז פּוילנ האָט ניט פאַרגעסנ איר אַלטנ פרײַנט אונ כאַווער".

קעדיי צו אונטערשטיצנ די ווײַספּאָליאַקנ באַמ רעאַליזירנ זייער ווײַטערדיקע אינטערווענצ אפ מיזרעכ, וואָס איז געווענ געווענדעט אפ דערשטיקנ די מאַכט פונ די סאָוועטנ, איז די ווײַסרוסישע קאָנטער־רעוואָלוציע צוגעטראָטנ צומ פאָרמירנ א ווײַסרוסישע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אַרמיי, שטעלנדיק זיכ פאַר אַנ אויפגאַבע צו אָרגאַניזירנ אַזא אַרמיי, וואָס זאָל זײַנ א געהאָרכזאַמ געווער אינ די הענט פונ פּוילישנ אימפּעריאַליזמ. אַזא אַרמיי איז געווענ נייטיק דעמ פּוילישנ אימפּעריאַליזמ, קעדיי צו פאַרשטאַרקנ זײַנע פּאָזיציעס אינ די אָקופּירטע געביטנ.

די ווײַסרוסישע נאַצדעמאָקראַטן האָבן אויסגעפּילט די ראָליע פון דירעקטע מיטהעלפער פון דער פּוילישער אָקופּאַציע אין קאַמף קעגן די אַרבעטנדיקע מאַסן פון ווײַסרוסלאַנד, פאַרקויפנדיק די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע זייערע קאַפּיטאַליסטישע מיטבריִדער, האַנדלענדיק אין הורט און אין איינצל מיט דעם „פאָטערלאַנד ווײַסרוסלאַנד".

אַלס דירעקטער מיטהעלפער פון די פּוילישע אָקופּאַנטן איז אויך אַרויסגעטראָטן די יִידישע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע קאָנטער־רעוואָליוציע. די ייִדישע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען („בונד" „פּויאַלעציען" א. אַנד.), וואָס האָבן געפּילט א שרעקלעכן האַס צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, האָבן געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס, קעגן מאָבילייזירן די קויכעס פון אַרבעטער־קלאַס צום קאַמף קעגן די פּוילישע אָקופּאַנטן.

פון טיפער אונטערערד האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיטן קאַמף פון די אַרבעטנדיקע קעגן די אָקופּאַנטן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אָרגאַניזירט אומלעגאַלע רעוואָליוציאָנערע פּראָפּאַריינען, האָט דערפאָלגרײַך דורכגעפירט א ריי שטרײַקן, פאַרהאַרטעוועט און דערציִענדיק די מאַסן אַרבעטנדיקע אין קאַמף קעגן די ווײַספּוילישע אָקופּאַנטן, קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען—די ווײַסרוסישע נאַציאָנאַליסטן, „בונד", „פּויאַלעציען" א. אַנד.

די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן דורכגעפירט א קאָלאָסאַלע אַגיטאַציע־אַרבעט צווישן דער גאַנצער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג, צווישן דער אַרמיי, פאַרשפּרייטנדיק אומלעגאַלע ליטעראַטור.

די ערשטע מיטהעלפער פון דער פּאַרטיי, זײַנען געווען די אָרגאַניזאַציעס פון קאָמיוג די העראָישע מײַסים און טאַטן פון די ווײַסרוסישע קאָמיוגיסטן האָבן געשפּילט א קאָלאָסאַלע ראָל אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פון 1920 י.

זייער א גרויסע אַרבעט האָבן די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס דורכגעפירט אפן דאָרף באַם אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג.

אַלס ענטפער אפן רוף פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דער אָקופּירטער ווײַסרוסלאַנד האָט זיך דורכגעקײַקלט א ברייטע כוואַליע אופשטאַנדן קעגן די ווײַספּאָליאַקן, באַלעגרפים און פּריצים. די פּויערים זײַנען אַרויסגעטראָטן גאַנצענע דערפער, אַרויסגעטריבן די רויבער און אָפּגענומען בא זיי דאָס אָנגערויבטע. דאָס אופשטענדלערישע פּויערטום האָט זיך באַמיט צו געבן א קלאַפּ די מיליטערישע קרעפטן פון די ווײַספּאָליאַקן, שטערנדיק זיי פרײַ איבערצוואַרפן די טיילן און צו אײַנאָרדענען א פאַרבינדונג צווישן זיי.

אין אַלע ווינקעלעך פון ווײַסרוסלאַנד איז אַנטשטאַנען און עס האָט זיך געברידערט די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג, אַרײַנעמענדיק אין זיך הונדערטער און טויזנטער העלדן, מוטיקע זין פון זייער גרויסן סאָציאַליסטישן היימלאַנד.

דער העראָישער קאַמף פון די רויטע פּאַרטיזאַנער לעבט אין די רומפולע טאַטן פון די טויזנטיקע און פּאַרטיזאַנישע אַרמייען פון ווילנער, מינסקער, באָברויסקער געגנטן, ער לעבט אין רומפולן קאַמף פון די רויטע אופשטענדלער פון איהומען, מאָלאָדעטשנע, באָריסאָוו, באַראַנאָוויטש, סלוצק, מאָזיר און פון צענדליקער אַנדערע שטעט און דערפער פון ווײַסרוסלאַנד. ער לעבט אינעם געוואַגטן אָפּרײַסן דורכ די רויטע פּאַרטיזאַנער דעם סטראַטעגישן בריק איבער דער בערעזינא, וואָס עס האָט אַנטשיידן דעם אויסגאַנג פון אונדזערע קאַמפן קעגן די פּוילישע לעגיאָנערן הינטער באָריסאָוו. ער לעבט אין די לעגענדאַרישע טאַטן פון דעם רויטן פּאַרטיזאַן פּערעמיטשיק,—דער שרעק פון די סטאַרע־

דאָראָגער וועלדער—וועלכער האָט דערקלערט א סאָוועטנמאכט אינ דעם ראיאָנ, וואָס עס האָבנ פארכאפט די אופשטענדלער אינ סאמע הינטערלאנד פונ דער פוילישער ארמיי, אינ דער דירעקטער נאָענטקייט פונ פראָנט.

די באָלשעוויסטישע אָנפירונג, לענינס אונ סטאלינס טאלאנטפולע סטראטעגיע, דער העראָיִשער קאמפ פונ דער רויטער ארמיי, פונ די רויטע פארטיזאנער, פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ אוקראיִנע אונ ווייַסרוסלאנד האָבנ אנטשיידנ די זאכ פונ זיג פונ די סאָוועטנ איבער דער פריצישער פוילנ.

סייַ דער זיג איבער דער ווייַספוילישער אָקופאציע, סייַ יענע ריזיקסטע דערפאָלגנ אפנ געביט פונ דער סאָציִאליסטישער בויונג, מיט וועלכע עס קומט די ווייַסרוסישע סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפובליק צום 15־טנ יאָרטאָג פונ באפרייַענ זיכ פונ די ווייַספוילישע אָקופאנטנ, זייַנענ זיגנ ניט נאָר פונ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פונ ווייַסרוסלאנד, נאָר פונ די ארבעטנדיקע פונ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד, מיט וועלכע עס פירט אָנ די שטאָלענע באָלשעוויסטישע פארטיי אינדערשפיצ מיט איר באליבטנ פירער כ' ס ט א ל י נ.

" " "

די פאררעוואָליוציִאָנערע ווייַסרוסלאנד איז געווענ איבערהויפט א לאנד פונ קליינע קוסטארישע ווארשטאטנ. אפ א באפעלקערונג פונ 4.700 000 איז אינ 1913 י. געווענ נאָר ארומ 2 צענדליק טויזנט ארבעטער, וואָס זייַנענ געווענ באשעפטיקט, הויפטזעכלעכ, אינ האנט־ווערקערישע קוסטארישע אונטערנעמונגענ.

אונ איצט איז די ברוטאָ־פראָדוקציע פונ דער אינדוסטריע אינ ווסס״ר אויסגעוואָקסנ מער ווי אינ 9 מאָל אינ פארגלייַכ מיט דער פארמילכאָמע־צייַט אונ מער ווי אינ 5 מאָל אינ פארגלייַכ מיטנ יאָר 1928.

עס זייַנענ אויסגעוואקסנ פאר די לעצטע יאָרנ גרויסע פאבריקנ אונ זאוואָדנ, גיגאנטנ פונ דער סאָציִאליסטישער אינדוסטריע: דער האָמלער גלאָז־זאוואָד א. נ. סטאלינ איינער פונ די סאמע מעכאניזירטע, גרעסטע אונטערנעמונגענ פונ דער גלאָז־אינדוסטריע אינ פאר־באנד; די וויטעבסקער ניי־פאבריק „אינדוסטריאליזאציע־פאָנ"—איינע פונ די גרעסטע ניי־פאבריקנ אינ פארבאנד; די אָסינאָווער ראיאָנישע עלעקטראָסטאנציע א. נ. סטאלינ, וועלכע דערנערט מיט איר ענערגיע די אינדוסטריע פונ דריי גרעסטע צענטערס פונ ווסס״ר.

דידאָזיקע רעזולטאטנ פונ אונדזערע דערפאָלגנ אונ זיגנ האָבנ „איבערגעקערט, צעקלאפט ביזנ גרונט די טעאָריעס פונ די קאָנטר־רעוואָליוציִאָנערע ווייַסרוסישע נאציאָנאל־דעמאָ־קראטנ סייַ פונ אויסלאנד, סייַ פונ ווסס״ר, וואָס האָבנ געטייַנעט, אז די ווייַסרוסישע נא־ציִאָנאליטעט אנטוויקלט זיכ ניט, אז ווייַסרוסלאנד ווערט אונטערגעדריקט דורכ מאָסקווע, אז די אנטוויקלונג פונ ווייַסרוסלאנד איז מעגלעכ נאָר אפ קאפיטאליסטישע יעסוידעס" (גיקאלאָ).

די אנטוויקלונג אפ קאפיטאליסטישע יעסוידעס האָט געקאָנט ברענגענ פאר ווייַסרוסלאנד נאָר דעגראדאציע, צעפאלונג, בארג־אראָפ־גאנג. וועגנ דעם זאָגט איידעס, בוילעטער ווי אלצ, דער גורל פונ מייַרעוו־ווייַסרוסלאנד, וועלכע עס האָט אָקופירט דער פויליִשער אימפעריִאליזמ.

פאר די יאָרנ פונ דער פוילישער אָקופאציע האָט זיכ די אינדוסטריע פונ מייַרעוו־ווייַס־רוסלאנ ניט נאָר ניט אנטוויקלט, נאָר פארקערט—רעגרעדירט.

אינ װסס״ר, אזױ װי אינ גאנצנ סאָװעטנפארבאנד, איז שױנ לאנג ליקװידירט די אר־
בעטלאָזיקײַט. עס איז אומגעהײער אױסגעװאקסנ די ארמײ פונ פראָלעטאריאט. אינ 1913 י.
האָט מענ אָנגעצײלט אפ אלע אונטערנעמונגענ פונ װײַסרוסלאנד ארומ 2 צענדליק טױזנט
ארבעטער. אינ 1934 י. זײַנענ אינ דער אינדוסטריע פונ סאָװעטנ־װײַסרוסלאנד שױנ געװענ
באשעפטיקט 145 טױזנט ארבעטער. אינ דערזעלבער צײַט זענ מיר א קעסײדערדיקנ
װוקס פונ װײַסרוסישנ פראָלעטאריאט. אינ דער צענז־אינדוסטריע פארגרעסערט זיכ דער
באשטאנד פונ װײַסרוסנ פאר די יאָרנ פונ ערשטנ פינפיאָר פונ 21,8 טױזנט, ביז
57,8 טױזנט ארבעטער. ייִדנ—פונ 14,3 טױזנט ביז 23,5 טױזנט ארבעטער.

אינ פלאנ פונ צװײטנ פינפיאָר, פונעמ פינפיאָר פונ אױסבױענ די אָנקלאסעװע סאָצי־
אליסטישע געזעלשאפט, איז פאָרױסגעזענ א װײַטערדיקע אנטװיקלונג פונ דער אינדוסטרי־
אליזאציע פונ סאָװעטנװײַסרוסלאנד. די אלגעמײנע סומע פונ קאפּיטאל־אינװעסטיציעס
װערט איבער װסס״ר אינ צװײטנ פינפיאָר באשטימט אינ דער גרױס פונ איבער אָנדער־
האלבנ מיליארד רובל.

אפ דער באזע פונ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטראליזאציע, פונ דערפאלגרײַכנ דורכ־
פירנ די לענינ־סטאלינישע פאָליטיק פונ קאָלעקטיװיזאציע אונ ליקװידאציע פונ באלעגופנ־
סומ װי א קלאס, האָט זיכ אפ א גרונטלעכנ אופנ געביטנ דער אױסזענ פונ װײַסרוסישנ
דאָרפ, װעלכער איז געװאָרנ א קאָלװירטישער אונ גײט זיכער צומ פארמעגלעכנ לעבנ.

347 סאָװירטנ אונ 10910 קאָלװירטנ האָבנ פארנומענ די הערשנדיקע פאָזיציע אינ דער
לאנדװירטשאפט פונ װסס״ר. דאָס באלעגופנטומ איז אינ גרונט ליקװידירט װי א קלאס.
די אײנצל־פױערישע װירטשאפט איז אָפגערוקט אפ א צװײטראנגיקער פאָזיציע. דער
פראָצענט פונ קאָלעקטיװיזאציע אינ װסס״ר איז אױסגעװאקסנ צומ 1־טנ אפּרעל 1935 י.
ביז 76. די שטאָלענע רײַטער פונ דער סאָציאַליסטישער לאנדװירטשאפט, װאָס באשטײענ
פונ 5053 טראקטערס בארבעטנ די קאָלװירטישע מאסיװנ אונ סאָװעטישע פעלדער פונ
סאָװעטנװײַסרוסלאנד. א קאָלאָסאלע מאסע פונ פאָשעטע אונ קאָמפּליצירטע לאנדװירטשאפטלעכע
מאשינעס איז ארײַנגעקומענ אינ דאָרפ, קעדײ צו פארלײַכטערנ די ארבעט פונ די קאָלװירט־
ניקעס אונ אופהײבנ זײַנ פראָדוקטיװקײַט.

אפנ גרונט פונ דער קאָלעקטיװיזאציע, פונ אָרגאניזירנ די מטס אונ סאָװירטנ האָבנ
מיר דערגרײכט די גרעסטע דערפאָלגנ אינ פארװאנדלענ װסס״ר פונ א געברױכערישנ אינ
א פראָדוצירישנ ראיאָנ, אינ א ראיאָנ פונ גרױסער פראָדוקציע פונ טעכנישע קולטורנ.
עס איז באדײַטנדיק אױסגעװאָקסנ דער פארזײ־שעטעכ: פונ 2389,4 טױזנט העקטאר אינ
1916 י. ביז 3856,2 טױזנט העקטאר אינ 1934 י. דערבײַ פאלט דער אמערסטנ באדײַ־
טנדיקער טײל פונ צװװקס אפ די טעכנישע קולטורנ. װסס״ר װערט אײנע פונ די הױפט־
לײַנציכטלערישע באזעס פונ סאָװעטנ־פארבאנד. דער פארזײ־שעטעכ פונ לײַנ האָט אינ
1916 י. באטראָפנ 94,5 טױזנט העקטאר אונ אינ 1934 י. האָט לײַנ שױנ פארנומענ 248,8
טױזנט העקטאר. עס זײַנענ שטארק אױסגעװאקסנ די שעטעכנ קארטאָפל־פארזײַונגענ: אינ
1916 י. זײַנענ מיט קארטאָפל פארזײט געװאָרנ 212 טױזנט העקטאר, אונ אינ 1934 י.
632 טױזנט הא. די פארטײ אונ די רעגירונג פירנ פעסט דורכ א ליניע אפ צו פארגרעסערנ
דעמ װינטער־קלינ פונ װײץ, אפ שאפנ אנ אײגענע װײץ־באזע אינ װסס״ר.

דער צװײטער פינפיאָר װעט פארװאנדלענ װסס״ר, װעלכע האָט אינ איר רעשוס גרױסע
פיטער־רעסורסנ אונ מעגלעכקײַטנ שנעל צו פארבעסערנ די מינימ בעהײמעס, אינ א פארױס־
גײענדיקנ ראיאָנ פונ סאָװעטנפארבאנד לױט דער פראָדוקטיװקײַט אונ קװאליטעט פונ

דער פיצוכט־ווירטשאפט, באזונדערס פונ די שנעל־רײַפנדיקע מינימ בעהיימעס אונ אויפעס. צומ סאָפ פונ צווייטנ פינפיאָר וועט די אלגעמיינע צאָל גרויסע האָרנ־פי אינ ווסםר אויסוואקסנ פונ 1,56 מיליאָנ אינ 1932 י. ביז 2,43 מיליאָנ שטיק אונ די צאָל כאזיירימ־אפ 203,8 פראָצענט.

דער נײַער סטאטוט פונ לאנדווירטשאפטלעכנ ארטעל, וועלכנ עס האָבנ אויסגעארבעט די בעסטע מענטשנ פונעמ קאָלווירטישנ דאָרפ צוזאמענ מיטנ געניאלנ פירער אונדזערנ, דעמ כאווער סטאלינ, מיט די אָנפירערס פונ דער פארטיי אונ רעגירונג, האָט אָנגעהויבנ א נײַעמ עטאפ אינ דער אנטוויקלונג פונ די קאָלווירטנ—אנ עטאפ פונ שטורמישנ פאנאנדערבלי פונ דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט.

אינ שײַנ פונ דעמ שטורמישנ אופשטײַג, פאנאנדערבלי אונ פריידיקע פערספעקטיוונ פונ דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער לאנדווירטשאפט אינ דער אָרדענטרעגערישער סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד, ווערט נאָכ בולעטער דער פאקט פונ דעגראדאציע, פונ פולשטענדיקנ צוריקגאנג פונ דער לאנדווירטשאפט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד.

די דערפאָלגנ פונ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאציע אונ פונ דער רעקאָנסטרוקציע פונ דער לאנדווירטשאפט האָבנ געשאפנ די באדינגונגענ פאר א מעכטיקנ פאנאנדערבלי פונ דער קולטור פונ ווסםר—א סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאלט אונ נאציאָנאלע לויט דער פאָרמ.

אינ דער פארגאנגענהײַט—א לאנד קימאט פונ פולשטענדיקער אמעראצעס—איז ווײַסרוסלאנד אינ די באדינגונגענ פונ דער פראָלעטארישער דיקטאטור, געוואָרנ א רעפובליק פונ שטענדיקער גראמעטנעקײַט. ווסםר—האָט די ערשטע אינ סאָוועטנפארבאנד אינגאנצנ ליקווידירט די אמעראצעס אונ האָט אײַנגעפירט אלגעמיינע אָנפאנג־בילדונג.

אינ דער אלטער ביז רעוואָליוציאָנערער ווײַסרוסלאנד זײַנענ געווענ 78 גימנאזיעס אונ פראָגימנאזיעס, אינ וועלכע עס האָבנ זיכ געלערנט 12 טויזנט שילער—זינ אונ טעכטער פונ פריצימ, גאלאָכימ, באלעגופימ אונ גרויסע באאמטע. טויזנטער אונ צענדליקער טויזנטער קינדער פונ פראָלעטאריער אונ פונ אָרעמע אונ מיטעלע פויערימ האָבנ ניט געהאט קיינ שומ מעגלעכקײַט צו באקומענ בילדונג אונ איצט בא דער סאָוועטישער מאכט, לערנענ זיכ 891.986 קינדער פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד אינ 7020 פולע אונ ניט פולע מיטעלע אונ אָנפאנג־שולנ.

פריִער איז אינ ווײַסרוסלאנד—דער קאָלאָניע פונ דער צארישער רוסלאנד—געווענ פארבאָטנ צו לערנענ אינ דער שול אפ דער מוטער־שפראכ, דורכ דער שול איז דורכגעפירט געוואָרנ א צוואנג־רוסיפיקאציע פונ דער ווײַסרוסישער, פוילישער אונ ייִדישע באפעלקערונג. פונ ווײַסרוסישע שולנ האָט דאָס אלטע ווײַסרוסלאנד ניט געוווסט. אונ איצט בא דער סאָוועטנמאכט האָט יעדער ארבעטנדיקער די מעגלעכקײַט צו לערנענ זײַנע קינדער אפ דער מוטער־שפראכ. 90,2 פראָצ. פונ אלע שילער פונ דער אָנפאנג אונ מיטעלער שול לערנענ זיכ אפ ווײַסרוסיש, טויזנטער קינדער פונ ארבעטנדיקע פאָליאקנ, ייִדנ, רוסנ, לערנענ זיכ אינ 180 רוסישע, 135 פוילישע 221 ייִדישע שולנ.

אינ דער ביז רעוואָליוציאָנערער ווײַסרוסלאנד איז ניט געווענ קיינ איינ העכערער לערנ־אנשטאלט. אונ איצטער האָבנ מיר 15 הויכ־שולנ אונ העכערע טעכנישע שולנ מיט 12273 סטודענטנ, א העכערע קאָמוניסטישע לאנדווירטשאפטלעכע שול פונ ווײַסרוסלאנד, א קאָמוניסטישנ אינסטיטוט פאר זשורנאליסטיק. 80 טעכניקומס מיט 20925 סטודענטנ אונ 35 ארבפאקנ מיט 11.754 סטודענטנ. סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד שאפט אנ אייגענע

פילצאָליקע פראָלעטארישע סאָוועטישע אינטעליגענצ, אייגענע פראָלעטארישע סאָוועטישע קאדרענ.

אינ ווײַסרוסלאנד—פריִער א פינצטערע, אנ אומקולטורעלע—איז איצט שטארק אויסגעוואָקסנ די פראָלעטארישע וויסנשאפט. דאָ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ גרויסע וויסנשאפט־צענטערס,—די ווײַסרוסישע וויסנשאפט־אקאדעמיע, פילצאָליקע וויסנשאפטלעכ־פאָרשערישע אינסטיטוטנ, וווּ עס וואקסנ נײַע פראָלעטארישע קאדרענ, יונגע געלערנטע ווײַסרוסנ, ייִדנ, פאָליאקנ אונ פונ אנדערע נאציִאָנאליטעטנ, וואָס באפעלקערנ ווססר. די סאָציִאליסטישע קונסט, די אויסגעוואָקסענע נעצ טעאטערס (12) אונ קינאָ־טעאטערס (2060) איז א מעכטיק געווער פונ קאָמוניסטישנ דערציִענ די ארבעטנדיקע.

אינ ווססר גייענ יערלעכ דורכשניטלעכ ארויס העכער טויזנט ביכער מיט אנ אלגעמיינעמ יערלעכנ טיראזש ביז 10 מיליאָנ עקזעמפליארנ. אונ דאָכ קלעקט אלצ ניט קיינ ביכער, ווײַל עס וואקסט דער דראנג פונ די ארבעטנדיקע צומ בוכ, צו קענטעניש, צו דער וויסנשאפט, צו קינסטלערישער ליטעראטור. פאר די יאָרנ 1928־1934 זײַנענ ארויסגעלאָזנ געוואָרנ 1450 נעמענ בלויז קינסטלערישע ליטעראטור, אינ א טיראזש פונ 4 מיליאָנ 472 טויזנט עקזעמפליארנ אינ דער געוועזענער ווײַסרוסלאנד פלעגנ ארויסגיינ ארומ 2 צענדליק צײַטונגענ אונ איצט האָבנ מיר אינ ווססר 256 געדרוקטע אונ אסאכ טויזנטער וואנטצײַטונגענ.

מיט א געדיכטער נעצ קולטור־אויפקלער־אנשטאלטנ האָט זיכ באדעקט סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד. 87 הײַזער פונ סאָצקולטור, 398 קלובנ, 1338 לייענ־שטיבלעכ, 36 טויזנט ראדיאָ־פונקטנ, 9575 ביבליאָטעקנ אונ צווישנ זיי אזא קולטור־גיגאנט ווי די מעלוכע־ביבליאָטעק א. נ. לענינ מיט אנ אָנדערהאלבנ מיליאָניקנ ביכער־פאָנד— די דאָזיקע אלע צאָלנ אונ יעדיִעס זײַנענ א בוילעטער צײַגער פונעמ ריזיקנ ווּוקס פונ דער נאציִאָנאלקולטורעלער בויוּנג אונ פאָליטיש־קולטורעלנ ניוואָ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד.

אונ אינ דער זעלבער צײַט זעענ מיר אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד, וועלכע קרעכצט אונטערנ קנאפל פונ די פוילישע אָקופאנטנ, א דעגראדאציע פונ דער בילדונג, א קולטור־קריזיס.

דער פאשיזמ נעמט צו בא די ארבעטנדיקע פונ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד דאָס רעכט צו לערנענ זיכ, דאָס רעכט צו זײַנ גראמעטנע. אינ קאמענ־קאשירער פאָוויִאט, אינ פאָלעסיע, איז פולשטענדיק נישט־גראמאָטנע 86 פראָצ. פונ דער באפעלקערונג אונ פונ דער איבעריקער „גראמאָטנער״ באפעלקערונג קאָנ לייענענ אונ שרײַבנ נאָר 1 פראָצ. דער פוילישער פאשיזמ פארשפרייט אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד מיטל־עלטערלעכע פינצטערניש אונ אמעראצעס.

אונדזערע גוואלדיקע דערפאָלגנ אינ דער נאציִאָנאל־קולטורעלער בויוּנג, דער קאָלאָסאלער ווּוקס פונ קולטור, קונסט אונ וויסנשאפט זײַנענ א טריומפ פונ דער לעניניש־סטאלינישער נאציִאָנאלער פאָליטיק אונ זאָגנ איבערצײַגנדיק איידעס וועגנ אונדזער אומאָפנייגלעכנ אונ שנעלנ באוועגנ זיכ פאָרויס צומ ענדגילטיקנ זיג פונ קאָמוניזמ.

גרונטלעכע ענדערונגענ זײַנענ פאָרגעקומענ אויכ אינעמ גאנצנ שטייגער פונ ארבעטער־קלאס. עס וואקסט אינ ווססר ווי אינעמ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד דער ארבעט־לוינ. די פאָנדנ ארבעט־לוינ פונ די ארבעטער אונ אָנגעשטעלטע פונ ווססר האָבנ דערגרייכט אינ 1935 י. 726,3 מיליאָנ רובל אינ 1925־1926 י. קעגנ 112,1 מיליאָנ רובל. דער מיטעלער יערלעכער ארבעט־לוינ פונ די ארבעטער אינ דער גרויס־אינדוסטריע פונ ווססר האָט דערגרייכט אינ 1933 י. 1467 ר. קעגנ 604 אינ 1925־1926 י. 76,3 פראָצ. ארבעטער.

פונ דער גרויס־אינדוסטריע אינ ווססר זײַנען שוינ ביזנ 1933 י. געווענ אריבערגעפירט אפ א 7 שאָיִקנ ארבעטנ טאָג. עס וואקסנ אלע מינימ פונ סאָציִאלער סטראכירונג פונ די ארבעטער אונ אָנגעשטעלטע, עס וואקסט די צאָל סאנאטאָריעס אונ אָפרו־הײַזער פאר די ארבעטנדיקע מאסנ, עס וואקסט די קאָלווירטישע פארמעגלעכקײַט.

אזוי פארבעסערט זיכ פונ טאָג צו טאָג די מאטעריִעלע לאגע פונ די ארבענדיקע פונ ווססר. אזעלכע זײַנענ די רעזולטאטנ פונ אונדזערע זיגנ. אזעלכע זײַנענ די רעזולטאטנ פונ דער העראָיִשער ארבעט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ ווססר, וועלכע האָבנ געקעמפט אונטער דער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ, אונטער דער אויסגעפרווטער אָנפירונג פונ צקאלקפ(ב) פונ דעמ פירער פונ אונדזער פארטיי אונ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ—כ׳ סטאלינ.

* * *

אירע גוואלדיקע דערפאָלגנ האָט די קפ(ב)ו דערגרייכט אינ באדינגונגענ פונ הארבסטנ קלאסנ־קאמפ, דורכפירנדיק אומאָפנויגלעכ די גענעראלע פארטיי־ליניע, אינ אומראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דער קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערער טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישער גרופע אונ אירע נידערטרעכטיקע אויסוואורפנ, קעגנ רעכטנ אונ „לינקנ" אָפאָרטוניזמ, קעגנ גרויס־הערשערישנ שאָוויניזמ, ווײַסרוסישנ נאציאָנאליזמ אונ שאָוויניסטנ פונ אנדערע מינימ (יִידישנ, פוילישנ א. א. וו.), אינ קאמפ פארנ פראָלעטארישנ אינטערנאציִאָנאליזמ, פאר דער אינטערנאציִאָנאלער דערציִונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ.

די קפ(ב)ו האָט צעשלאָגנ גרינטלעכ די גרויס־מעלוכישע עלעמענטנ, וואָס האָבנ געשטרעבט ארונטערצורײַסנ די באָלשעוויסטישע ווײַסרוסיזאציע, די ווײַסרוסישע נאציאָנאל־דעמאָקראטנ אונ זייער אגענטור אינ דער פארטיי, וואָס האָבנ צודעקנדיק זיכ מיט דער פאלש־נאציִאָנאלער פאָנ געפירט א קאמפ קעגנ דער באָלשעוויסטישער ווײַסרוסיזאציע, מיטנ ציל צו רעסטאווירנ די מאכט פונ די קאפיטאליסטנ אונ פריצימ אונ אָפרײַסנ ווײַסרוסלאנד פונ פססר, קעדיי צו פארוואנדלענ זי אינ א קאָלאָניע פונ אימפעריאליזמ.

די ווײַסרוסישע נאציִאָנאל־דעמאָקראטנ האָבנ אפ אלע סטאדיעס פונ זייער קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ קאמפ קעגנ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד געשטעלט אונ שטעלנ דעמ טראָפ אפ אנ אינטערווענצ. אינ די יאָרנ פונ בירגער־קריג האָבנ זיי אפנ אקטיוווסטנ אויפנ געשטיצט מיט אלע מעגלעכקײַטנ די דײַטשישע אונ דערנאָכ די ווײַספוילישע אָקופאנטנ. לויט דער דירעקטער אָנווײַזונג פונ די דײַטשישע אונ פוילישע אימפעריאליסטנ האָבנ זיי צוזאמענ מיט די הענקערס פונ די ארבעטער אונ פויערימ פונ ווײַסרוסלאנד—מיט בולאק־בולאכאָוויטשנ אונ סאווינקאָוונ—אָרגאניזירט אונ אונטערגעהאלטנ די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע אונ קולאקישע אופשטאנדנ, די אנטיסאָוועטישע ארויסטרעטונגענ קעגנ די באָלשעוויקעס, קעגנ דער סאָוועטנמאכט.

די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע אָרגאניזאציע „פארבאנד פונ אופלעבנ ווײַסרוסלאנד", וועלכע איז רעאָרגאניזירט געוואָרנ שפעטער אינ „פארבאנד פאר באפרײַענ ווײַסרוסלאנד" האָט געשטעלט דעמ הויפט־טראָפ אפ דער אינטערווענצ. דידאָזיקע אָרגאניזאציע האָט, קעדיי צו רעסטאווירנ דעמ קאפיטאליזמ, זיכ פארנומענ מיט צוגרייטנ די קלאסנ־קוילעס, אפ וועלכע עס וואָלט זיכ אינ ווססר געקאָנט שטיצנ די אינטערווענצ. די גאנצע קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע

פּאָליטיק פונ דער פרישטשעפּאָװשטשינע איז געװענ א װעג אפ באנײַענ דעמ קולאק װי אנ אינערלעכנ קויעכ פונ דער אינטערװענצ אונ א סאָציאַלע באזע פונ נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ.

די קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע אָרגאניזאציע פונ די װײַסרוסישע נאציאָנאליסטנ האָט אויכ געפירט אנ אידעאָלאָגישע צוגרייטונג צומ אָפּרײַסנ װסםר פונ סאָװעטנפארבאנד אונ פאר־ייניקנ זי צו דער פאשיסטישער פוילנ. די טעאָריע פונ „אייגנארט", די פאָדערונג אז װײַסרוסלאנד זאָל זיכ אָפּזאָגנ פונ דער ברידערלעכער הילפ פונ די ארבעטער אונ אר־בעטנדיקע פונ גאנצנ סאָװעטנ־פארבאנד, דאָס אויסװאָרצלענ פונ דער װײַסרוסישער שפּראכ אלצ װאָס דערנעענטערט זי צו דער סאָציאליסטישער קולטור, די טעאָריע פונ קאמפ צװישנ דער װײַסרוסישער אונ רוסישער קולטור אונ דאָס אָריענטירנ די װײַסרוסישע קולטור אפנ קאפּיטאליסטישנ מײַרעװ, די שטרעבונג אָפּצורײַסנ די ליטעראטור, װיסנשאפט, קונסט פונ די אקטועלע פּראָבלעמעס פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג—דאָס אלצ האָט געדינט דעמ אידעאָלאָגישנ צוגרייטנ די אינטערװענצ. די דאָזיקע אָרגאניזאציע האָט זיכ פארנומענ מיטנ צוגרייטנ אונ דורכשטופּנ אירע נאציאָנאל־דעמאָקראטישע קאדרענ אפ פארשיידענע באצירקנ פונ דער בויונג. דערדאָזיקער גאנצער ארבעט פונ די קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע נאציאָנאל־דעמאָקראטנ אינ װײַסרוסלאנד האָבנ צוגעהאָלפנ די נאציאָנאל־אָפּנייגלערישע עלעמענטנ אינ דער קפּ(ב)װ, װאָס האָבנ געפירט אנ אקטיװנ קאמפ קעגנ דער פּארטיי אונ איר צק.

די װײַסרוסישע נאצ־אָפּנייגלערס האָבנ זיכ דירעקט צוזאמענגעשלאָסנ מיט די ייִדישע, פּוילישע אונ אנדערע נאצ־אָפּנייגלערס, װאָס האָבנ פּונקט אזוי דורכגעשלעפּט די „טע־אָריע" פונ דער אייניקײַט פונ דער נאציע, אידעאליזאציע פונ די קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע נאציאָנאליסטישע פּארטייענ—„בונד", פּפּס א. א. װ.

די קפּ(ב)װ האָט אויפגעדעקט אונ צעקלאפּט די קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע אָרגאניזאציע פונ די װײַסרוסישע נאציאָנאל־דעמאָקראטנ, װאָס אירע מיטגלידער (איגנאטאָװסקי, פּרי־שטשעפּאָװ) האָבנ פארװירקלעכט די דירעקטיװנ פונ די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. שפּע־טער האָט די קפּ(ב)װ אויפגעדעקט א קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע אָרגאניזאציע, מיט װעלכער עס האָט אָנגעפירט דער אזוי גערופענער „װײַסרוסישער נאציאָנאלער צענטער", דעמ קערנ פונ װעלכנ עס האָבנ געשאפנ די שפּיאָנענ אונ פּראָװאָקאטערנ, װעלכע עס האָט איבער־געװאָרפנ די אויסלענדישע קאָנטער־אויסשפּירונג אונטער דער מאסקע פונ פארפאָלגטע רע־װאָליוציאָנערע טוערס. די דאָזיקע מענטשנ (ראק־מיכײַלאָװסקי, מעטלא, קאפּוצקי, גאװרי־ליוק אונ אנדערע) האָבנ זיכ פארייניקט מיט די פארביסענע נאציאָנאל־פאשיסטנ, פּראָװאָ־קאטערנ אונ שפּיאָנענ פונ אויסלאנד. די דאָזיקע שפּיאָנענ אונ פּראָװאָקאטערנ האָבנ גע־האלטנ א פארבינדונג מיט די רוסישע אונ אוקראאינישע װײַסגװארדייער. זיי האָבנ צוזא־מענ מיט אנדערע רעשטלעכ פונ די געװעזענע קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע קלייִנבירגערלעכע פּארטייענ—עסערנ, װײַסרוסישער פויערישער הראָמאדע, בונדאָװצעס אונ אנדערע—געפירט זייער קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע ארבעט אפ די מיטלענ פונ די אויסלענדישע קאָנטער־אויס־שפּירונגענ. זיי האָבנ זיכ פארייניקט מיט אלע אנטיסאָװעטישע עלעמענטנ אינ װסםר, מיט די דײַטשישע אונ פּוילישע פאשיסטנ צומ קאמפ קעגנ די ארבעטער אונ פויערימ פונ סאָ־װעטנ־װײַסרוסלאנד. די אקטיװיזאציע פונ די קאָנטער־רעװאָליוציאָנערע נאצדעמישע עלע־מענטנ האָט זיכ געפונענ אינ א דירעקטנ צוזאמענהאנג מיט היטלערס קומענ צו דער מאכט אינ דײַטשלאנד, אינ צוזאמענהאנג מיט די טרוימענ פונ די דײַטשישע פאשיסטנ צו פארכאפּנ אוקראאינע אונ װײַסרוסלאנד.

דער צק קפ(ב)וו האָט נאָכ אינ 1933 י. אינ זײַנ באשטימונג וועגנ דער נאציאָנאלער פראגע פארשריבנ:

„דער גרויסהערשערישער רוסישער שאָוויניזם שטעלט מיט זיכ פאָר די הויפט־געפאר אינ מאסשטאב פונעמ גאנצנ סאָוועטנפארבאנד און פונ גאנצ אלקפ(ב), אָבער דאָס איז אינ דער מינדסטער מאָס ניט אינ ווידערשפרוכ צו דעמ, אז אינ דעמ געגעבענעמ מאָמענט איז אינ ווײַסרוסלאנד די הויפט־געפאר דער אָרטיקער ווײַסרוסישער נאציאָנאליזמ, וועלכער שליסט זיכ צונויפ מיט די אימפעריאַליסטישע אינטערווענטנ. מע דארפ באזונדערס נעמענ אינ אכט די נײַע טאקטיק פונ די רוסישע גרויסהערשערישע שאָוויניסטנ און ווײַסרוסישע נאציאָנאליסטנ, וועלכע עס האלט אונטער די גאנצע קאָנטער־רעוואָליוציע אינ דעמ—אויכ די טראָצקיסטנ, וועלכע בלאָקירנ זיכ אפ דעמ איצטיקנ עטאפ אפ דער אלגעמײנער פלאט־פאָרמ פונ אָפרײַסנ ווססר פונ פססר, קעדיי אָפצושוואכנ די פאָזיציעס פונ פססר און צו פארשטארקנ די פאָזיציעס פונ קאפיטאליזמ“.

די קפ(ב)וו האָט אינ דער שפיצ מיט איר אָנפירער כ׳ גיקאלאָ, אונטער דער אָנפי־רונג פונ לענינישנ צק אלקפ(ב) און פונ כ׳ סטאלינ, . אומראכמאָנעסדיק צעקלאפט די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע נאצדעמאָקראטנ, זי פירט און וועט פירנ דעמ אנטשײדנדיקסטנ קאמפ קעגנ די פרוּווּנ פונ דער קאָנטער־רעוואָליוציע צו פארוואנדלענ ווססר אינ א קאָלאָניע פונ אויסלענדישנ קאפיטאל, צו רעסטאוורירנ די הערשאפט פונ דער בורזשואזיע, ארופ־צוווארפנ אפ די פלײצעס פונ די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד דעמ פריצישנ און קאפיטאליסטישנ יאָכ, צו אָפרײַסנ ווססר פונעמ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד.

די אָרדענ־טרעגערישע ווססר איז געוועג און וועט זײַנ אנ אומאָפרײַסבארער טײל פונ דעמ גרויסנ פארבאנד פונ די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ, זײַנ קאמפס־פאָר־פאָסט אפנ גרענעצ פונעמ קאפיטאליסטישנ מײַרעוו.

אינעמ דאָזיקנ קאמפ זײַנען אויסשליסלעכ גרויס די פארדינסטנ פונעמ אָנפירער פונ די באָלשעוויקעס פונ ווײַסרוסלאנד—דעמ כ׳ גיקאלאָ. דער סטאלינישער סטיל פונ זײַנ ארבעט, די טאָגטעגלעכע קאָנקרעטע און אָפעראטיווע אָנפירונג מיט דער סאָציאַליסטישער בויונג, דאָס דערציִענ און אויסהאָדעווענ באָלשעוויסטישע קאדרענ, דאָס באהעפטנ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ ווססר ארומ דעמ סטאלינישנ צק, דער אומראכמאָנעסדיקער קאמפ קעגנ קלאסנ־סוינע האָבנ אונדז געזיכערט די ריזיקסטע דערפאָלגנ אינ דער סאָצבויונג פונ ווססר.

* * *

די באָלשעוויקעס קאָנענ זיכ ניט בארויִקנ מיט די דערגרײכטע דערפאָלגנ. דער לענינ־אָרדענ פארפליכטעט צו ארבעטנ מער אָנגעשטרענגט און בעסער. פאָרויס זײַנען די ריזיקע אופגאבעס פונ 2־טנ פינפיאָר, וועלכע מיר דארפנ מיט דערפאָלג לײזנ.

כ׳ סטאלינס ארויסטרעטונג אפנ ארויסלאָז פונ די אקאדעמיקער פונ דער רויטער ארמײ באטײַט אנ אָנהויב פונ א נײַעמ פעריאָד אינ דער אנטוויקלונג פונ אונדזער לאנד.

„מיר האָבנ שוינ אינ גרונט אויסגעלעבט דעמ הונגער־פעריאָד אפנ געביט פונ טעכניק, אָבער אויסלעבנדיק דעמ פעריאָד פונ הונגער אפנ געביט פונ טעכניק זײַנען מיר ארײַנגע־טראָטנ אינ א נײַעמ פעריאָד, אינ א פעריאָד, וואָלט איכ געזאָגט, פונ הונגער אפנ געביט פונ מענטשנ, אפנ געביט פונ קאדרענ, אפנ געביט פונ טוער, וואָס קאָנענ אָנזאָטלענ די טעכניק און באוועגנ זי פאָרויס... דער טראָפ דארפ איצט געשטעלט ווערנ אפ מענטשנ,

אפ קאדרענ, אפ טוער, וואָס האָבנ באהערשט די טעכניק. אָט פארוואָס דער אלטער לאָזונג—„די טעכניק לייזט אלצ", וואָס איז אנ אָפשפיגלונג פונעמ דורכגעגאנגענעמ פעריאָד, ווענ בא אונדז איז געווענ א הונגער אפנ געביט פונ טעכניק,—דארפ איצט פארביטנ ווערנ אפ א נײַעמ לאָזונג, אפנ לאָזונג וועגנ דעמ, אז „קאדרענ לייזנ אלצ". אינ דעמ איז איצט דער איקער" (סטאלינ).

די אופמערקזאמקײַט אונ זאָרג וועגנ מענטשנ, דאָס דערציִענ אונ אויסהאָדעווענ קאדרענ—איז אנ אנטשיידנדיקער באדינג פאר אונדזערע ווײַטערדיקע זיגנ. מיר דארפנ צוציִענ די אופמערקזאמקײַט פונ דער גאנצער פארטייִשער אונ סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקײַט צו די פראגעס פונ אופהויבנ אפ א נײַער הייכ די זאכ פונ צוגרייטנ קאדרענ, פונ דרייסט ארויסרוקנ נײַע באָלשעוויסטישע ווײַסרוסישע קאדרענ אונ מיר דארפנ, אפ די בעסטע בײַשפּילנ פונ די אָנגעזעענע מענטשנ פונ אונדזער סאָציִאליסטישער בויונג, דערציִענ קאדרענ, קאדרענ פונ פארטייִשע אונ ניט־פארטייִשע באָלשעוויקעס, שעפער פונ דער אָנקלאסעווער געזעלשאפט. מיר דארפנ דערציִענ מענטשנ דרייסטע, אומדערשראָקענע, וואָס האָבנ גרענעצלאָז ליב זייער סאָציִאליסטישנ היימלאנד, מענטשנ פונ גרויסע געוואגטקײַטנ, וואָס גייענ דרייסט פאָרויס, מענטשנ, וואָס זײַנענ פייִק באָלשעוויסטיש צו קעמפנ פאר פארווירקלעכנ די אופגאבעס פונ 2־טנ פינפיאָר.

מיר פײַערנ דעמ 15־טנ יאָרטאָג פונ באפרײַענ ווײַסרוסלאנד פונ די ווײַספּאָליאקנ, ווע
י קאפיטאליסטישע וועלט גרייט פיבערהאפט א נײַע בלוטיקע שכיטע. די געפאר פו
א מילכאָמע, אינ דער ערשטער ריי קעגנ סאָוועטנפארבאנד, איז פארנ לעצטנ יאָר אויסגעוואקסנ. אונדזער רעגירונג פירט אומאָפנויגלעכ א שאָלעמ־פּאָליטיק. דער צעווילדעוועטער דײַטשישער פאשיזמ זוכט פיבערהאפט פארבינדעטע אונ גרייט אנ אָנפאל אפ ססר. מיר דארפנ שטענדיק געדענקענ, אז ווססר שטייט אפנ גרענעצ פונעמ קאפיטאליסטישנ מײַרעוו, דאָס פארפליכטעט אלע ארבעטנדיקע פונ אונדזער סאָוועטנווײַסרוסלאנד צו פארשטארקנ די פארטיידיקונג־ארבעט, זײַנ גרייט אינעמ נייטיקנ מאָמענט צו שטעלנ א צעשמעטערנדיקנ ווידערשטאנד די אימפעריִאליסטישע רויבערס.

אינ דעמ טאָג פונ אונדזער פּאָלק־יאָנטעוו דארפנ מיר נאָכמער פארשטארקנ אונדזער אומאָפרײַסבארע פארבינדונג מיט אונדזער לײַבלעכער הייס־באליבטער העראָיִשער רויטער ארמיי. מיר וועלנ קעמפנ פאר נאָכ מער ארײַנציִענ מיליאָניקע מאסנ ארבעטנדיקע אינ דער ארבעט פונ אָסאָאוויִאכימ, מיר וועלנ דערציִענ הונדערטער טויזנטער נײַע העלדנ, ענלעכ צו טשאפּײַעוונ, שטשאָרסנ א. אנד., וואָס זײַנענ גרענעצלאָז איבערגעגעבנ דעמ סאָציִאליסטישנ פאָטערלאנד, וועלכע זײַנענ גרייט אינ יעדער מינוט זיכ צו ווארפנ אפנ סוינע אונ אימ פארניכטנ.

די קפ(ב)וו האָט אָנ אָפשוואכונג געקעמפט קעגנ אלע אונ יעטווידע אָפנייגנ פונ דער גענעראלער פארטיי־ליניע, קעגנ אלע אנטיפארטייִשע גרופירונגענ, קעגנ די רעכטע אונ „לינקע" אָפאָרטוניסטנ, קעגנ די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע טראָצקיסטנ, קעגנ די רעכט־„לינקאטשישע" פארזעענישנ, קעגנ די זינאָוויעווצעס, קעגנ דערדאָזיקער גרופע, וואָס האָט ניט קיינ גלײַכנ אינ דער געשיכטע פונ אונדזער פארטיי, די גרופע, וואָס האָט געמאכט די צווייפענעמדיקײַט פאר איר געבאָט אונ האָט זיכ אראָפגעקײַקלט אינ זומפ פונ קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערנ טראָצקיזמ.

מיר טאָרנ אפ קיינ איינ מינוט ניט פארגעסנ דעמ כ׳ סטאלינס ווערטער, אז דער סוינע איז צעשלאָגנ, נאָר נאָכ ניט דערשלאָגנ.

„דער וווּקס פון דער מעכטיקײַט פון דער סאָוועטישער מעלוכע וועט פאַרשטאַרקן דעם ווידערשטאַנד פון די לעצטע רעשטלעך פון די אָפּשטאַרבנדיקע קלאַסן...

עס קאָנען אויפלעבן און זיך נעמען באַוועגן די צעקלאַפּטע גרופּעס פון די אַלטע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען עסערן, מענשעוויקעס, בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן פון צענטער און פון די ראַנד־לענדער, עס קאָנען אויפלעבן און זיך נעמען באַוועגן די בראָכשטיקער פון די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן פון די טראָצקיסטן און רעכטע אָפּנייגלער".

דאָס, וואָס זינאָוויעוו און קאַמעניעוו האָבן אָרגאַניזירט דעם כּײַעשן מאָרד אַף איינעם פון כ' סטאַלינס נאָענטסטע מיטקעמפער—ס. מ. קיראָוו, וואָס איז געפאַלן פון דער נידערטרעכטיקער האַנט פון די ווײַסבאַנדיטן זינאָוויעווצעס־קאַמעניעווצעס, האָט אַנשוילעך געוויזן אונדז אַלעמען, אַז דער צערייצטער קלאַסן־סוינע לאָזט זיך אַף די עקסטרעמסטע קאַמף־מיטלען קעגן דער סאָוועטנמאַכט. פון דעמדאָזיקן שווערסטן פאַרלוסט האָט אונדזער גאַנצע פּאַרטיי געמאַכט דעם גרונט־אויספיר, אַז ס'איז נייטיק צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן דער אָפּאָרטוניסטישער גוטמוטיקײַט, פאַרשאַרפן איר וואַכזאַמקײַט, אויפהייבן און פאַרפעסטיקן איר קאַמף־גרייטקײַט.

אָבער ניט אַלע קאָמוניסטן האָבן דיסקאָנטירט די שווערע לעקציעס, וואָס עס האָט באַקומען די פּאַרטיי. אַ בוילעטער בײַשפּיל פון אַ קאָמוניסט, וועלכער האָט פאַרגעסן זײַנע עלעמענטאַרע פליכטן אין באַצוג צו דער פּאַרטיי, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין די קלעפּיקע לאַפּעס פון קלאַסנסוינע, האָט פאַרלאָרן זײַן פּאַרטיייִשן אָנבליק, האָט זיך פאַריסן ווי אַ „סראָרע" און ביוראָקראַט, איז יענוקידזע, וועמען דער לעצטער פּלענום פון צק אַלקפּ(ב) האָט אויסגעשלאָסן פון די רייען פון אונדזער פּאַרטיי.

יענוקידזעס איניען באַווײַזט נאָכאַמאָל, אַז אין די באַדינגונגען פון אונדזער זיג, אין די באַדינגונגען פון צעקלאַפּן די קלאַסן־סאָנים איז דער הויפּט־שטער, וואָס שטערט אויפצודעקן די דריידלעך פון די בראָכשטיקער פון די אָפּשטאַרבנדיקע קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן—די זעלבסטבארויִקונג און גוטמוטיקײַט.

זיך ניט באַרויִקן מיט לאָרבער־קראַנצן, ניט זײַן גוטמוטיק, נאָר זײַן וואַכזאַם צו אַלע אַרויסטרעטונגען פון קלאַסן־סוינע, קאָמפּראָמיסלער, צעקלאַפּן יעדן פּרווו פון סוינע, צו רעאָרגאַניזירן אונדזערע רייען, ביזן סאָף דערשלאָגן די רעשטלעך פון די עקספּלואַטאַרישע קלאַסן—דאָס איז אונדזער אויפגאַבע.

צום קאַמף קעגן קלאַסן־סוינע און זײַן אַגענטור דאַרפן מיר באַוואָפענען יעדן קאָמוניסט מיט דער מאַרקסיסטיש־לענינישער טעאָריע, מיטן וויסן די געשיכטע פון קאַמף פון אונדזער רומפולער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי קעגן אַלע סאָנים פון אַרבעטער־קלאַס.

די קפּ(ב)ו—דער זיכערער אָטריאַד פון אַלקפּ(ב)—וועט אונטער דער אָנפירונג פון כ' גיקאַלאָ אויך ווײַטער אומאָפּנייגלעך און פעסט קעמפן פאַר אויספילן די אָנווײַזונגען פון כ' סטאַלין, מאָביליזירן אונדזער אָרגאַניזאַציע צום קאַמף פאַרן לייזן די נאָך גרעסערע אויפגאַבן, וואָס שטייען פאַר אונדז.

אונטער דער אָנפירונג פון גרויסן קאַפּיטאַן פון די אַרבעטנדיקע פון דער גאַנצער וועלט—פון דעם קלוגן סטאַלין—וועלן מיר גיין צו נײַע זיגן צו דעם פולשטענדיקן אויסבויען דעם קאָמוניזם.

(„באָלשעוויק בעלאַרוסיי").

גערשאָנ, געלפאנד

# 1919 יאָר

## דער קאמפ קעגנ די אָקופאנטנ אינ באָברויסקער געגנט

שרייַבנ וועגנ דעמ קאָשמאר פונ 1919 י.—דאָס יאָר פונ דער פוילישער אָקופאציע אינ אונדזער וויַסרוסישנ הײמלאנד—איז ניט קיינ לייַכטע זאכ. דאָ דארפ מענ אופשטעלנ אינ זיקאָרנ א יאָר פונ שוידער, א יאָר פונ זדיעקעס איבער די ארבעטנדיקע פונ אונדזער הײמלאנד. דאָס איז אָבער אינ דערזעלבער צייַט אויכ א יאָר פונ העראָישנ קאמפ פונ די ארבעטנדיקע קעגנ די אָקופאנטנ—די פארכאפער פונ וויַסרוסלאנד.

ווי וויַט מיר זייַנענ שוינ אוועק פונ יענער צייַט אינ אונדזער סאָציאַליסטישנ אינדערוואָכנ! מיר האָבנ ניט נאָר פארהיילט אונדזערע וווּנדנ, נאָר אונטער דער אָנפירונג פונ געניאַלנ סטאלינענ האָבנ מיר אָנגעהויבנ בויענ די אָנקלאסעדיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאפט. מיר שטאָלצירנ מיט דעמ, וואָס אינ דער צאָל פונ די פאָרגעשריטענע בויער פונ סאָציאַליסטישנ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד געפינט זיכ אונדזער וויַסרוסישע רעפובליק. די ברוסטנ פונ אונדזערע אומדערמידלעכע אָנפירער—דעמ בעסטנ באָלשעוויק פונ וויַסרוסלאנד,—דעמ סעקרעטאר פונ צק קפ(ב)וו—כ׳ גיקאלאָ אונ דעמ פאָרזיצער פונ ראטפאָלקאָמ—כ׳ גאָלאָדעד באפוצט א לענינ־אָרדענ. א לענינ־אָרדנ האָט באקומענ גאנצ ווססר—דאָס באטייַט, אז אָנ אָרדענ האָבנ באקומענ אלע שלאָגלער פונ אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

צי איז דענ לייַכט איצט, באַ דעמ קאָלאָסאלנ פארמעסט פונ אונדזער בויונג, באַ אזוינע אויסשליסלעכע דערגרייכונגענ אינ דער עקאָנאָמיק פונ ווססר, אופלעבנ אינ זיקאָרנ יענע שוידערלעכע מייַסימ, וועלכע עס האָבנ באַ אונדז אָפגעטאָנ די „ציוויליזאטערס“—די פוילישע גוטבאזיצערס אונ גענעראלנ באַ דער אקטיווער הילפ פונ דער בורזשואזיע פונ פראנקרייַכ, ענגלאנד אונ אמעריקע?

מיט פארגעניגנ אָבער, דערמאָנענ מיר די העלדנ־אונטערערדישע טוער, אונדזערע רויטע פארטיזאנער, אונדזערע העראָישע רויטגווארדייער, אונדזערע אָנפירער פונ די אונטערערדישע אָרגאניזאציעס.

די וויַספאָליאקנ האָבנ געהאט א מעגלעכקייַט צו איבערצייַגנ זיכ, אז ניט געקוקט אפ דער אויסשליסלעכער כאַישקייַט, אונ טעראָר, אפ דער באוואָפענונג, וועלכע זיי האָבנ באַקומענ פונ די ענגלישע אונ אמעריקאנער באנקירנ,—האָבנ זיי זיכ דאָכ אָנגעשטויסנ ווי אָנ א שטאָלענער פעסטונג, אָנ די ארבעטנדיקע פונ אונדזער הײמלאנד. די ארבעטער אונ פויערימ פונ וויַסרוסלאנד האָבנ דערוויזנ, אז זיי זייַנענ ווירדיקע זינ פונעמ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד, פונ זייַנ ווירדיקנ פאָרפאָסט—סאָוועטנ־וויַסרוסלאנד.

אונדזער רעפּובליק איז געוואָרן דער פּלאַצדאַרם פון דער קלאַסן־מילכאָמע צווישן דער יונגער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק מיט דעם בורזשואַזן מײַרעוו. מינסק איז פאַרנומען. די ווײַספּאָליאַקן דערנענטערן זיך צו אָסיפּאָוויטש. עס האָס זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציע פון באָברויסק. אין דערזעלבער צײַט קומט דאָ פאָר א באַראַטונג. מיט באָלשעוויסטישער רויִקײַט ווערן פאַרטײלט די פליכטן צווישן די פּאַרטײ־טוער: די פאַרבינדונג מיטן פאַרבאַנד—אַנדריי, זײַן צונעמעניש וועט זײַן „קלים״; די פאַרבינדונג מיטן דאָרפ־מאַקסים, זײַן צונעמעניש בלײַבט „מאַקסים״; מיט דער עוואַקואַציע פירט אָן זאַלאַטין א. א. וו. אַזוי ווערן פאַרטײלט אַלע אַרבעטן. אומעטום ווערן אוועקגעשטעלט רויִקע מענטשן, אויסגעפּרוּווטע באָלשעוויקעס, יעדערער פון זיי איז גרייט צו דער באַגעגעניש מיטן קלאַסן־סוינע. דער קאַמף פאַרשאַרפט זיך, עס ענדערט זיך בלויז די אומגעבונג און יעדערער איז מיט נאָך מער אקשאָנעס גרייט צו קעמפן קעגן די אָקופּאַנטן.

5 אַזייגער באַנאַכט זאָגט מען אָן: די פּאָליאַקן זײַנען אַפ דער סטאַנציע יאַסיען. מע דאַרף צוגרייטן די אונטערערדישע דרוקערײַ. און, צוהערנדיק זיך צו דער שיסערײַ פון די קוילנוואַרפער, האָט מען געאַרבעט א גאַנצע נאַכט און אויסגעשטאַט ניט קיין שלעכטע דרוקערײַ. אין די הענט פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע וועט זי זײַן דאָס שאַרפסטע געווער קעגן די ווײַסע אָקופּאַנטן, קעגן די קלאַסן־סאָנים. פאַרטאָג זעגענען מיר זיך מיט אונדזערע רויטאַרמייער און קאָמאַנדירן; מיר זעגענען זיך מיט דער פעסטער זיכערקײַט, אַז מיר וועלן זיך אינגיכן זען. די קעמפער פאַרנעמען זייערע פּאָזיציעס: ווער אין אונטערערד, ווער אין די רייען פון דער אַרמיי. יעדערער איז גרייט צו באַגעגענען דעם קלאַסן־סוינע.

## „ציוויליזאַטערס״

6 אַזייגער אינדערפרי גייען אַרײַן פון פאַרשיידענע עקן שטאָט די אָקופּאַנטן, דאָס טראָגן זיי „קולטור״ קעגן די באָלשעוויקעס—די „באַרבאַרן״. און שוין 7 אַזייגער אינדערפרי זײַנען די „ציוויליזאַטערס״ צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. זיי האָבן זיך געלאָזט פילן פון דעם ערשטן מאָמענט אָן. מע האָט גלײַך אָנגעהויבן ראַבירן, צעשיסן. די פּוילישע נאַהײַקע האָט אָנגעהויבן שפּאַצירן איבער די רוקנס פון די אַרבעטער און אַרבעטנדיקע פּויערים. אין שטאָט—אָן א שיר אַרעסטן, דערבײַ אַרעסטירט מען באַם קלענסטן כשאַד. עס איז גענוג געווען צו זאָגן א פּוילישן אָפיצער, אַז אַן אַרבעטער קוקט אַפ אים קרום, און יענער ווערט אַרעסטירט. די היטל ניט אַראָפּגענומען, ניט געזאָגט „פּאָריצל״—אַרעסטירט. מע האָט אַפילע אַרעסטירט איינעם א קרעמער, וואָס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַפ די פּאָליאַקן און האָט פון אינדערפרי אָן דער ערשטער געעפנט די קראָם, דערמיט האָט ער דעמאָנסטראַטיוו געוואָלט באַווײַזן זײַן איבערגעגעבנקײַט צו די פּוילישע אָקופּאַנטן. און ווען עס האָט זיך באַוויזן דער ערשטער פּוילישער אַעראָפּלאַן, איז ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס און האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט—ס'הייסט, געקומען דער באַפרײַער.

באַם אַרעסטירן אים איז פאָרגעקומען אַן אינטערעסאַנטע סצענקע.

— האָס האָסטו געפּאַטשט מיט די הענט?—פרעגט אים א פּאָזנאַנער אָפיצער.

— ווײַל איר זײַט בא מיר לאַנג־דערוואַרטעטע געסט,—האָט געענטפערט דער קרעמער.

— עס קאָן ניט זײַן,—רײַסט אים איבער דער אָפיצער—וויבאַלד דו האָסט געפּאַטשט מיט די הענט, האָסטו, ווײַזט אויס, געגעבן עפּעס א סיגנאַל א באָלשעוויק. אונדז, די פּאָזנאַנער, באַגעגנט מען ניט אַזוי.

די ווײַספּאָליאקן האָבן זיך גענומען אויסראָטן די באָלשעוויקעס מיטן וואָרצל. און די דאָזיקע „וואָרצלען" האָט מען געזוכט אין די קעשעניעס, אין אַלע שאפעס. אויב מע האָט ניט געפונען קיין באָלשעוויקעס, האָט מען אָבער ראבירט, וויפל מע האָט געוואָלט. איבער־הויפּט האָט געשוויצט די פּאָליציי. מיט די ציינער איז איר אויסגעקומען אראָפּצורײַסן די באָלשעוויסטישע פלוג־בלעטלעך, וואָס זײַנען געווען צעקלעפּט איבערן שטאָט. די ארעסטן פון די אקטיוויסטן־ארבעטער און פויערים האָבן אָנגענומען א מאסן־כאראקטער. עס איז שוין ניט געווען ווו אהינצוטאָן די ארעסטירטע. די שולן, קינאָען, טעאטערן—אלץ איז פארוואנדלט געוואָרן אין טורמעס. אין שטאָט איז אפילע אָרגאניזירט געוואָרן א גאנצע באנדע אויסוווּרפן—באנדיטן, אפעריסטן, געוועזענע צארישע פּאָליציאַנטן, גאלאָכים און ראבאָנים, וואָס האָבן געהאָלפן די ווײַספּאָליאקן זוכן די באָלשעוויקעס, האָבן אָנגעוויזן אדרעסן.

די דאָזיקע מענטשן האָבן פּאָשעט געמאכט פון דעם איניען א געשעפטל. אפ די גאסן און אין די הײַזער איז געגאנגען אַן עמעסער האנדל. אָט וואָס פאר א כאראקטעריסטישע סצענקעס ס׳פלעגן פּאָרקומען אין די ארבעטער־קווארטאלן.

— איך ווייס, אז איר זײַט פארבונדן מיט די קאָמוניסטן—אזוי פלעגן די דאָזיקע לײַט אָנפאלן אפ אוועלכן ניט איז דורכגייער. יענער פארענטפערט זיך—וואָס רעדט איר, גאָט איז מיט אײַך, איך בין א פאמיליע־מענטש. און מע הייבט זיך אָן צו דינגען. וויבאלד א פאמיליע־מענטש, דארף מען אײַך עפּעס אראָפּלאָזן. און דער פרײַז האָט זיך געוואקלט פון 100 ביז 10 רובל (צארישע געלט).

אָט אזוי האָט די דאָזיקע באנדע, אין קאָנטאקט מיט דער פוילישער דעפענזיווע, גע־עפנט פאר זיך א האכנאָסע־קוואל אפן רעכענונג פון די ארבעטנדיקע. פארשטייט זיך, אז די גרעסטע טייל פון דער דאָזיקער סומע פלעגט איבערגעגעבן ווערן די באאמטע פון דער דעפענזיווע.

## צעשאָסן טויזנטער רויטארמייער

די אכזאָריעס פון די ווײַספּאָליאקן האָט ניט געהאט קיין גרענעצ. עס איז צו שווער זאָגן, צי ווערט דעם היסטאָריקער ווען עס איז אײַנגעבן זיך פעסטצושטעלן די צאָל קאָר־באָנעס, וואָס זײַנען געפאלן פון די הענט פון די ווײַסע הענקער. זייער אכזאָריעס האָבן זיי אין דער ערשטער ריי אויסגעלאָזן צו די געפאנגענע רויטארמייער, וועלכע די ווײַס־פּאָליאקן האָבן צעשאָסן מאכנעסווײַז. ווער קען זאָגן, וויפל בלוט פון ארבעטער און פויערים פון ווײַסרוסלאנד און פון סאָוועטנפארבאנד די ווײַספוילישע באנדיטן האָבן פארגאָסן אין יענער צײַט. מיר ווייסן נאָר, אז די באָברויסקער פעסטונג איז דורכגעזאפּט מיט בלוט, אז עס זײַנען געווען טעג, ווען די טײַך בערעזינא איז געווען רויט פון בלוט, דערצו נאָך האָט זיך צווישן די געפאנגענע אָנגעהויבן א שרעקלעכע עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס אפן באָדן פון הונגער און פײַניקונגען.

לויטן אופטראָג פון אונטערערדישן פארטיי־קאָמיטעט איז אין באָברויסק געשאפן געוואָרן א ספּעציעלע קאָמיסיע, קעדיי פעסטשטעלן, וואָס עס טוט זיך מיט אונדזערע געפאנגענע רויטארמייער. די קאָמיסיע האָט דערזען א שוידערלעך בילד, אפן דיל האָבן זיך געוואלגערט אונדזערע קעמפער, אונדזערע ברידער. דאָ זײַנען געווען מענטשן האלב טויטע, עס זײַנען דאָ אויך געווען פארקילטע טויטע קערפּערס. דאָס איז געווען א לע־בעדיקער בעסיילעם פון אונדזערע טויזנטער קעמפער.

דער אונטערערדישער קאָמיטעט האָט אָנגענומענ אלע מיטלענ, קעדיי דערשלאָגנ זיכ א דערלויבעניש בא די ווײַספאָליאקנ צו פארלײַכטערנ כאָטש מיט וואָס ניט איז דעמ שווערנ גורל פונ די געפאנגענע: די אָרטיקע דאָקטוירימ האָבנ זיכ אָנגענומענ פרײַוויליק אונ אָנ געצאָלט ליקווידירנ די עפידעמיע.

צי דענ האָבנ מיר געקאָנט דערווארטנ גוטס פונ די קלאסנ־סאָנימ,—דאָכ האָבנ מיר געמיינט, אז בא די דאָזיקע „ציוויליזאטערס", וואָס זײַנענ געקומענ צו אונדז אונטער דער פאָנ פונ בורזשואזנ דעמאָקראטיזמ, איז געבליבנ עפעס א מענטשלעכער געפיל. מיר האָבנ אָבער א טאָעס געהאט. דער שטאב פונ דער פוילישער ארמיי האָט געענטפערט קורצ „מע דארפ זיי ניט היילנ, נאָר צעשיסנ". אָבער די עפידעמיע האָט ניט געוווסט פונ קיינ גרענעצנ. זי האָט זיכ אריבערגעטראָגנ אינ די טיילנ פונ דער פוילישער ארמיי אונ אסאכ ארבעטער אונ פויערימ, וואָס זײַנענ מאָביליזירט געוואָרנ אינ דער פוילישער ארמיי, זײַנענ אומגעקומענ נאָר דערפאר, ווײַל זייערע נאטשאלניקעס האָבנ באשלאָסנ דורכ דער עפידעמיע אומברענגענ די באָלשעוויסטישע „כאלאס". דורכדעמ האָבנ זיי אומגעבראכט א היפשע צאָל אויכ פונ זייערע אייגענע סאָלדאטנ.

אָבער צי דענ האָט זיכ דער פוילישער גענעראל־שטאב געזאָרגט וועגנ די פוילישע ארבעטער אונ פויערימ? זיי האָבנ מוירע געהאט פאר די ארבעטער אזנ פויערימ, וואָס זײַנענ געווענ אָנגעטאָנ אינ פוילישע שינעלנ, פונקט אזוי, ווי פאר די געפאנגענע רויטארמייער. דער פוילישער שטאב איז געשטאנענ אפ זײַנס. ער האָט ניט דערלויבט צו היילנ די רויטארמייער.

דאנ האָט דער פארטיי־קאָמיטעט אופגערודערט די גאנצע שטאָט. אינ גאנג זײַנענ געלאָזנ געוואָרנ פלוג־בלעטלעכ, פראָטעסטנ אונ שטרײַקנ... אונ ערשט דאנ, ווענ די פראָטעסטנ זײַנענ אריבער די גרענעצנ פונ שטאָט, ווענ די זאכ איז, אדאנק דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע, געוואָרנ באוווסט אלע ארבעטער אונ פויערימ פונ פוילנ, ווארשע, ביאלעסטאָק,—ערשט דאנ האָבנ די פוילישע גענעראלנ באשלאָסנ אָנהויבנ היילנ די קראנקע.

אָבער דער קאָמיסיע איז אויסגעקומענ בלויז צונויפשטעלנ אקטנ וועגנ די קופעס טויטע קערפערס, וואָס זײַנענ איבערגעבליבנ פונ אונדזערע רויטארמייער.

אפ אזא אויפנ טראָגט דער פוילישער שטאב די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר די טויזנטער געפאלענע קעמפער, ניט נאָר דורכ צעשיסונג אונ מאָרד, נאָר אויכ דורכ דער באוווסזיניק פארשפרייטער עפידעמיע. די דאָזיקע רעכענונג וועלנ זיי צושטעלנ די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פונ פוילנ, ווענ זיי וועלנ קומענ צו דער מאכט. זיי וועלנ זיי דערמאָנענ די גענעראלנ אונ פריצימ אלצ, וואָס זיי האָבנ אָפגעטאָנ אינדערצײַט פונ דער אָקופאציע.

## פארטיזאנער

דאָס דאָרפ האָט, אונטער דער אָנפירונג פונ דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע, געברויזט. אלס ענטפער אפנ טעראָר אונ אפ די זדיעקעס פונ די אָקופאנטנ האָט זיכ אָנגעהויבנ מעכטיק פאנאנדערוויקלענ די פארטיזאנישע באוועגונג.

אינ קאטשעריצי, באָברויסקער ראיאָנ, איז אָנגעפאָרנ א גרופע פוילישע אָפיצערנ אונ האָט אָנגעהויבנ ראבירנ דאָס דאָרפ. געזוכט האָט מענ קאָמוניסטנ. אָבער אָנשטאָט קאָמוניסטנ האָט מענ צוגענומענ פוטער, פלייש, כאזער־פעטס, מילכ. די פויערימ, בא וועלכע מע האָט צוגענומענ זייער גוטס, האָבנ זיכ געבעטנ בא די פוילישע אָפיצערנ: „פא־

אָטשקעס, ניט נעמט בא אונדז דאָס „לעצטע", אָבער צי דענ האָט געקענט ווירקנ אפ די פוילישע אָפיצערנ א ביטע פונ א פויער א ווײַסרוס. פארשטייט זיך, אז מע האָט אפ די ביטעס פונ די פויערימ קיינ שומ אכט ניט געלייגט. פארקערט, מענ האָט דאָ אינ דאָרפ אײַנגעאָרדנט א מאָלצײַט, מע האָט נאָכ באפוילנ ברענגענ מיידלעכ. וואָס איז דער וואונדער, ווענ די פויערימ האָבנ זיכ אָרגאניזירט אונ פארטריבנ די דאָזיקע באנדע פונ דאָרפ.

דער פוילישער גענעראַל־שטאב האָט עס אָפגעשאצט, ווי א באָלשעוויסטישע ארויס־טרעטונג פונ א באָלשעוויסטישנ דאָרפ. אונ דאָ האָט דער פוילישער שטאב באוויזנ זײַנ קענטעניש אויסצוארבעטנ „סטראטעגישע פלענער". דאָס דאָרפ איז ארומגערינגלט געוואָרנ פונ אלע זײַטנ אונ עס איז אונטערגעצונדנ געוואָרנ פאר די אויגנ פונ אלע פויערימ. אונ קעדיי קיינ איינ באָלשעוויק זאָל פונ דאָרט ניט אוועקגיינ, האָט מענ אפ די פויערימ, אפילע אפ די זויג־קינדער, געשאָסנ פונ א קוילנוואַרפער.

די פאָליאקנ האָבנ „געזיגט" אונ דער פוילישער שטאב האָט ארײַנגעשריבנ נאָכ איינ שענדלעכ זײַטל אינ זײַנ „שלאכט"־געשיכטע. ער האָט באוויזנ זײַנ „העלדישקײַט". מע האָט פארניכטעט א גאנצנ דאָרפ—200 לעבעדיקע מענטשנ.

צי דענ קאָנ מענ פארגעסנ די קאָלאָסאלע צאָל קאָרבאָנעס, וואָס זײַנענ געפאלנ פונ דער האנט פונ די ווײַסבאנדיטנ. וואָס איז דער וואונדער, אויב די פארטיזאנישע באוועגונג האָט זיכ אנטוויקלט באזונדערס מעכטיק. גאנצ ווססר איז געווענ ארומגעכאפט מיט פארטי־זאנישע אָטריאדנ. די פארטיזאנער האָבנ זיכ געשלאָגנ אזוי, ווי עס דארפנ זיכ שלאָגנ זינ פונ אונדזער גרויסנ סאָציאליסטישנ היימלאנד קעגנ קלאסנ־סוינע, קעגנ די אָקופאנטנ.

אונ דער סוינע האָט זיכ א חאקל געטאָנ. עס איז דערקלערט געוואָרנ באלאגערונג־צושטאנד אונ וואָס באטײַט באלאגערונג־צושטאנד בא די ווײַספאָליאקנ? דאָס באטײַט, אז נאָכ 6 אזייגער אָוונט גייט די שטאָט אריבער אינ רעשוס פונ דער פוילישער דעפענזיווע. זיי האָבנ געהאט דאָס רעכט צו באלעבאטעווענ ווו אונ וויאזוי זיי האָבנ געוואָלט. די שמאָלקע־פיקע גענעראלנ האָבנ אָבער ניט פארשטאנענ איינ זאכ. וואָס באטײַט עס: אלע טאָג ארעסטירט מענ מענטשנ, די דעפענזיווע גיט איבער אלע טאָג, אז זי האָט אופגעדעקט אונטערערדישע קאָמיטעטנ, דעמ צענטראל־קאָמיטעט אונ דאָכ ארבעטנ די אונטערערדישע אָרגאניזאציעס אפ וואָס די וועלט שטייט. טאָגטעגלעכ ווערנ איבערנ שטאָט צעקלעפט הונדערטער פלוג־בלעטלעכ. ווו ניט ווו האָבנ זיכ אָנגעהויבנ שטרײַקנ. די פארטיזאנישע באוועגונג אנטוויקלט זיכ אונ, דעריקער, עס הייבט זיכ אָנ דעמאָראליזירנ די פוילישע ארמיי. אינ די קאזארמעס לייענט מענ בראָשורנ, פלוג־בלעטלעכ, וועלכע עס פארשפרייטנ די באָלשעוויקעס. עס זײַנענ שוינ דאָרט אפילע פאראנ אָרגאניזירטע פארטיי־קעמערלעכ.

מע קאָנ זיכ פאָרשטעלנ די לאגע פונ די פוילישע גענעראלנ, וואָס האָבנ פארזיכערט דער צווישנפעלקערלעכער בורזשואזיע, אז זייער ארמיי איז די סאמע איבערגעגעבנסטע, ווענ דער וואַרשעווער פאָלק האָט זיכ פלוצלינג אָפגעזאָגט צו גיינ אפנ פראָנט מילכאָמע האלטנ קעגנ די באָלשעוויקעס. דאָס איז געווענ די ערשטע מעכטיקע ארויסטרעטונג פונ די פוי־לישע סאָלדאטנ קעגנ זייערע גענעראלנ אפ פארטיידיקנ דאָס לאנד, וואָס בויט דעמ סאָציאליזמ.

מע האָט געדארפט אָנעמענ אנטשיידענע מיטלענ. אונ דער פוילישער שטאב האָט אָנ־געווענדט די אלטע מעטאָדנ פונ דער צארישער ארמיי. קעדיי צו אופהייבנ דעמ מוט פונ דער ארמיי אונ בארויִקנ די צווישנפעלקערלעכע בורזשואזיע—דעמ פאקטישנ באלעבאָס פונ

דער פּוילישער ארמיי, האָט דער פּוילישער גענעראל־שטאב געשיקט אפן פראָנט קעגן די באָלשעוויקעס שיקערע סאָלדאטן, ארומגערינגלט מיט פּאַזונאַנצעס. הינטער זיי האָט מען געפירט קוילנוואַרפער, ווײַל די גענעראלן, זײַנען ניט געווען זיכער, צי וועלן די פּאַזונאַנצעס אויסהאלטן ביזן סאָף.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף אפן זשלאָבינער באצירק. אָבער אונטערן מעכטיקן קלאַפּ פון די רויטארמייִשע טיילן זײַנען די ווײַספּאָליאַקן צעשמעטערט געוואָרן.

אין שטאָט האָט מען נאָר געוווסט, אז עס גייען צוגן מיט פארוווּנדעטע אָפיצערן. די שטאָט איז פארוואנדלט געוואָרן אין א גרויסן שפּיטאָל פון פּוילישע אָפיצערן.

כאָטש קליין און גרויס האָבן גוט געוווּסט, וואָס פאר א צעשמעטערנדיקן קלאַפּ די ווײַספּאָליאַקן האָבן באקומען, האָט דאָך דער פּוילישער שטאב ארויסגעלאָזן אן אינפאָרמאטיווע מיטיילונג: „אונדזער העלדנמוטיקע ארמיי... א. א. ו. איז אריבער אין אָנגריף. די באָלשעוויקעס זײַנען אָפּגעטראָטן צום דניעפּר". דאָס איז געווען צום לאכן. אין שטאָט האָט מען געהערט די שיסערײַ, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יאַסעניער וואלד. אָבער דער פּוילישער שטאב האָט באשלאָסן בארויִקן אלעמען און עס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן א גרויסע פײַערונג לעקאָוועד דעם זיג. די „כאָשעווע" מענטשן פון פּוילן, די אָרטיקע בורזשוא האָבן באשלאָסן א הוליע טאָן. אין רעכטן ברעג פון די טענצ האָט זיך דערהערט א רויש פון א עראָפּלאַן איבערן סאָד, ווו עס איז פאָרגעקומען די פײַערונג. די אָפיצערן האָבן געמוזט בארויִקן זייערע נערוועזע דאמעס:

— דאָס איז אונדזער עראָפּלאַן געקומען אונדז צוהילף!

דער עולם האָט אָנגעהויבן שרײַען „הורא".

פּלוצלינג האָט דער עראָפּלאַן אָנגעהויבן פאנאנדערוואַרפן פלוג־בלעטלעך.

— דאָס באגריסט מען אונדז!

און ווידעראמאָל „הורא".

אָבער דער עראָפּלאַן איז געווען א סאָוועטישער, דער פּילאָט א באָלשעוויק און די פלוג־בלעטלעך—עכט־באָלשעוויסטישע. אין די פלוג־בלעטלעך איז געווען געשריבן: „כאַווערים און בירגער, אונטערן מעכטיקן קלאַפּ פון דער רויטער ארמיי טרעט אָפּ די פּוילישע באנדע. לאָזט זיי ניט צעגראָמירן די פאבריקן און זאוואָדן, אָרגאניזירט זעלבסטפארטיידיקונג־אָטריאדן". און צום סאָף א פײַערדיקער לאָזונג: „זאָל לעבן די רעוואָליוציע אין פּוילן!"

עס האָט זיך אָנגעהויבן א פּאניק. עס זײַנען פארשפּרייט געוואָרן קלאנגען, אז די באָלשעוויקעס זײַנען שוין אין שטאָט. די דאמעס האָבן היסטעריש געוויינט. גענעראל האליער האָט דערקלערט א מיליטער־אליארם און צונויפגעזאמלט די שיקערע אָפיצערן. פון דעם מאָמענט אָן איז פאָרגעקומען אן איבערברוך. דער שטאב איז שוין געווען ניט בעקויעך צו איבערצײַגן, אז אלץ איז אין אָרדענונג. די מעכטיקייט פון דער פּוילישער ארמיי איז ארונטערגעריסן געוואָרן.

## קאָמסאָמאָליע

מיר שטאָלצירן מיט אונדזער קאָמיוג. בלויז בא אונדז, בא די ארבעטער און ארבעטנדיקע, וואָס זײַנען דערצויגן געוואָרן אין קאמף, אפן דער דערפארונג און אפן בײַשפּיל פון זייערע פאָטערס און ברידער־באָלשעוויקעס קאָן אויסוואקסן אזא פּאטריאָטישער, העלדנ־מוטיקער און רומפולער קאָמיוג. וויפל קעמפער, קאָמאנדירן און ארבעטער־

שלאָגלער, אינזשעניערן, פליִער, שרייַבער, אָנפירער פון דער אינדוסטריע און פון דער לאנד־
ווירטשאפט זייַנען אויסגעוואָקסן און דערצויגן געוואָרן אין דעם לעניניש קאָמיוג. זיי
שטייען פאר די אויגן—די העלדן פון יענע טעג—מאשע, קאָליע, פעניע, פיאָדער. און צי
דען קאָן מען אלעמען אויסרעכענען. זיי זייַנען אין די טויזנטער. דאָס זייַנען זיי אין די
יאָרן פון רעאקציע, אין די יאָרן פון דער אָקופאציע, געקומען, אלס די סאמע נאָענטע
העלפער פון דער פארטיי. דאָס האָבן זיי דרייסט און שטאָלץ, אונטער דער אָנפירונג פון
דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע, הויך אופגעהויבן די פאָן פון קאמף קעגן די קאפיטא־
ליסטן, וואָס זייַנען געווען אָנגעטאָן אין פאָרמעס פון פוילישע סאָלדאטן און אָפיצערן.
דאָס האָבן זיי אָרגאניזירט א שלאכט־וואך בייס זייערע ברידער און פאָטערס־באָלשעוויקעס
האָבן אָפגעהאלטן זייערע זיצונגען. דאָס האָבן זיי אלע טאָג צעוואָרפן איבער די גאסן
און קאזארמעס אן אומגעהויערע צאָל פלוג־בלעטלעך, דאָס האָבן זיי דרייסט געקלעפט אף
די הייַזער אונדזערע אופרופן. דאָס האָבן זיי כויזעק געמאכט פון די שפיאָנען און פאָ־
ליציִאנטן, אָנלייגנדיק זיי אין די קעשעניעס באָלשעוויסטישע פלוג־בלעטלעך.

אָט האָט אונדזער סטיאָפע צוגעטראכט א נייַעם מיטל פון פארשפרייטן באָלשעוויס־
טישע לאָזונגען. באנאכט האָט ער צוגעבונדן אפן פאבריק־קוימען א פאָן, אף וועלכער עס
איז געווען אָנגעשריבן: „אָקופאנטן, ארויס פון אונדזער היימלאנד". עס האָבן געשאָיצט
די פאָליציי־אגענטן. קיינער האָט ניט געהאט קיין מוט אופצוהייבן זיך אזוי הויך און
אראָפנעמען די פאָן, און אונדזער סטיאָפע איז געשטאנען טאקע דאָ לעבן זיי און זיך גע־
זידלט אף וואָס די וועלט שטייט.

אין דער פארטיזאנישער באוועגונג, אף די פאבריקן, אף די אונטערערדישע פארזאמ־
לונגען—אומעטום האָט געברויזט דאָס יונגע לעבן פון אונדזער לוסטיקן, זיכערן קאָמיוג.
און אפילע דאן, ווען דער ווייַספוילישער געריכט האָט איבערגעריסן זייער יונגן לעבן,
אפילע אינעם מאָמענט פון זעגענען זיך מיטן לעבן—אויך דאן זייַנען אונדזערע קאָמיו־
גיסטן, לויטן בייַשפיל פון זייערע פאָטערס און ברידער באָלשעוויקעס, שטאָלץ און דרייסט
געגאנגען צו דער טליע, צו דער צעשיסונג, זינגענדיק דעם „אינטערנאציאָנאל". ניט ווייַ־
ניק רומפולע זייַטלעך האָבן די קאָמיוגיסטן אריַינגעשריבן אין דער אויסגעצייכנטער גע־
שיכטע פון קאמף פאר אונדזער סאָציאַליסטישן היימלאנד.

## די פראָוואָקאטערישע ראָל פון „בונד"

די פוילישע נאהייַקע האָט אָפט שפאצירט איבער די רוקנס פון די ארבעטער. יעטווי־
דע קליינינקייַט איז קוואליפיצירט געוואָרן, ווי א באָלשעוויסטישע ארויסטרעטונג.

ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז בא דער הילף פון די ווייַספאָליאַקן זייַנען אויך די
באלעבאטים, די פאבריקאנטן אריבער אין אָנגריף. בא די ארבעטער האָט מען אָפגענומען
אלץ, וואָס זיי האָבן באקומען אדאנק די באָלשעוויקעס. דער ארבעטס־טאָג איז פארלענ־
גערט געוואָרן ביז 10 שאָ. שטיק־ארבעט, שטראָפן, שווארצע צעטלען... די ווייַספאָליאקן
האָבן ליקווידירט אלע פארייַנען. בלויז דער „בונד" אליין איז געבליבן ניט גערירט. פאר
די באלעבאטים און פאר דער פוילישער ארמיי איז דער „בונד" קיינמאָל ניט געווען שרעק־
לעך. פארקערט, דער „בונד" האָט אונטערגעהאלטן זייער רעפוטאציע אין אויסלאנד: די
עקזיסטענץ פון „בונד" האָט געדארפט זייַן דער ווייַזער פון דער פוילישער „דעמאָקראטיע".
און די בונדאָווצעס האָבן מיט הינטישער איבערגעגעבנקייַט אויסגעפילט זייער פארעטע־

רישע ראָל. זיי זײַנען געווען עמעסע פּראָוואָקאַטערס. זיי האָבן אָנטיילגענומען אין דער אָנפירונג, דעמאָנסטרירנדיק דערמיט פאַר דער וועלט, אַז די מאַכט איז אַ „פאָלק־דעמאָקראַטישע“. זיי האָבן באַקומען גרויסע געהאַלטן, אַמעריקאַנער פּראָדוקטן און געלעקט די שטיוול דער פּוילישער־דעפּענזיווע. פאַרשטייט זיך, אַז אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פלעגן די בונדעוועצעס קיינמאָל ניט ווײַזן זיך. פאַרקערט, זיי האָבן געשראָקן אונדזערע כאַווייריִם מיט טורמע, ניט דערלאָזן צו קיין שטרײַקן. זיי האָבן אַלץ געטאָן, אַז אין היגטערלאַנד זאָל זײַן „אין אָרדענונג“.

די אַרבעטער האָבן לאַנג פאַרלאָזן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס, זיי האָבן אָרגאַניזירט זייערע אייגענע קלאַסן־אָרגאַניזאַציעס אונטער דער פאָן פון באָלשעוויזם. דער „בונד“ האָט אַרײַנגעשריבן נאָך אַ שענדלעך זײַטל אין זײַן פאַרעטערישער געשיכטע. קעגן זייער ווילן איז אונטער דער אָנפירונג פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע געוואָקסן און האָט זיך פאַרפעסטיקט די אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרזאַמלונג האָבן דורכגעפירט די אַרבעטער פון דער „נאָדל“. באַוואַכט די גאַסן האָט אַ שלאַכט־אָטריאַד. עס געדענקט זיך די דירע, וווּ עס איז פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונג. זי איז באַשטאַנען פון דרײַ צימערן און יעדער צימער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אייגנאַרטיק בילד. אין איין צימער גרייט צו אַ גרופּע קאָמיוגיסטן די אָזויגערופענע שטערנדלעך. אָזוי האָט מען גערופן אונדזערע אויפרופן, וואָס פלעגן צונויפגעלייגט ווערן אין אַ באַשטימטער דרײַעקיקער פאָרם. אין צווייטן צימער בעט די אויפגערעגטע באַלעבאָסטע דעם אוילעם צו פאַרלאָזן די דירע. זי האָט מוירע פאַר אַ פּראָוואָקאַציע—דאָרט אין הויף ווינט אַ בונדעוועץ און נאָך פון די פאַראַנטוואָרטלעכע. און אין דריטן צימער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ מאַן דרײַסיק און באַהאַנדלען די לאַגע פון די אַרבעטער פון דעמדאָזיקן פאַריין.

מע האָט באַשטימט שטעלן די באַלעבאַטים אַן אולטימאַטום: 8 שאָ אַרבעטן, 1 שאָ אַן איבעררײַס אָפּ מיטיק, ניט פאַרקלענערנדיק דעם אַרבעטלוין. אין פאַל אויב מע וועט די דאָזיקע פאָדערונגען ניט באַפרידיקן—דערקלערן אַ שטרײַק.

אין דערזעלבער צײַט האָט אַ זשאַנדאַרם דערטאַפּט דאָס אָרט, וווּ עס קומט פאָר די פאַרזאַמלונג. ער האָט באַמערקט, אַז צוויי מיידלעך זײַנען אַרײַן אין הויף, וווּ עס איז פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונג, און איז אַוועק נאָך זיי. דער קאָמיוגיסט פּינקע, דער אָנפירער פון שלאַכט־אָטריאַד, האָט דערזען, אַז צום הויז גייט אַ זשאַנדאַרם. ס'האָט געדראָט אַ געפאַר, אַז די פאַרזאַמלונג וועט דורכפאַלן און עס וועט געוויס פאָרקומען אַ מאַסן־אַרעסט. פּיניע איז צוגעגאַנגען צו די מיידלעך און האָט געזאָגט צו זיי: „קומט נאָך מיר“. ער האָט אַרויסגעפירט די מיידלעך פון הויף און האָט מיט זיי אָנגעהויבן אומגיין איבערן שטאָט. דער זשאַנדאַרם—נאָך זיי. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָבער פאַר דער צײַט געענדיקט און אַלע זײַנען זיך רויִק פאַנאַנדערגעגאַנגען.

אָפּ אַזאַ אויפן זײַנען דורכגעפירט געוואָרן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון אַלע פּראָפאַריינען. אומעטום זײַנען אויסגעטיילט געוואָרן צײַטווײַליקע דרײַלינגען און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ צענטראַל־ביוראָ פון די אונטערערדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

עס געדענקט זיך די ערשטע זיצונג פון צ. ב. פון די פּראָפאַריינען. די זיצונג איז באַשטימט געוואָרן אָפּ 6 אַזייגער אינדערפרי, ווען אַלע שפּיקן און זשאַנדאַרמען האָבן זיך נאָך געפונען בײַ זיך אינדערהיים. עס זײַנען בײַגעווען 15 פאָרשטייער פון די פאַריינען. כ' קאַמענסקי האָט געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן לויפנדיקן מאָמענט. די צווייטע

פראגע איז געווען וועגן דעם שטרײַק פון די ניי־ארבעטער. ס'איז באשלאָסן געוואָרן אָרגאניזירן א שטרײַק.

קעדיי צו פארלײַכטערן די שווערע לאגע פון די שטרײַקער, האָט מען באשלאָסן אָרגאניזירן עטלעכע הילפ־ווארשטאטן, ווו די שטרײַקער זאָלן קאָנען ארבעטן און דאָ האָבן מיר זיך נאָכאמאָל באגעגנט מיט דער פארעטערישער ארבעט פון די בונדאָווצעס. ווי באוווּסט האָבן זיי זיך געשטעלט אף דער זײַט פון פוילישן גענעראל-שטאב.—וואָס הייסט,—האָבן זיי געטײַנעט,—דער פראָנט איז אזוי נאָענט און איר שטרײַקט! זיי האָבן אונדז געשראָקן, אז עס וועט זיך גיסן בלוט. אָבער צי דען האָט זיך אין דעם געהאנדלט? זיי, די פארעטער, איז פּאָשעט געווען ניט אָנגענעם פארן גענעראל־שטאב. זיי האָבן פארזיכערט, אז אלץ וועט זײַן אין אָרדענונג, ווײַל זיי זײַנען די אָנפירער מיט דער ארבעטער־באוועגונג און דאָ ברעכט גאָר אויס א מעכטיקער שטרײַק.

דער שטרײַק האָט זיך אָנגעהויבן. אין עטלעכע טעג ארום האָבן אויך פארשטרײַקט די פאפיראָס־פאבריקן. נאָך א 2־וואָכיקן קאמפ האָבן די ארבעטער אָפּגעהאלטן דעם ערשטן זיג—זיי האָבן דעם שטרײַק אויסגעשפּילט.

## א פארטיי-באראטונג פון אויעזד

אין אויעזד איז די ארבעט געגאנגען זייער אינטענסיוו. עס איז געוואָרן קלאָר, אז מע מוז צונויפרופן א קאָנפערענץ, קעדיי צו אויסארבעטן אן אלגעמיינעם פּלאן פון דער ווײַטערדיקער ארבעט. די קאָנפערענץ איז באשטימט געוואָרן אפן 28־טן אפּרעל. דער אָנפירער פון דער אונטערערדישער באָלשעוויסטישער אָרגאניזאציע קאמענסקי האָט גאנצע מעסלעסן געארבעט, צוגעגרייט דעם מאטעריאל צו דער קאָנפערענץ.

מע האָט באשלאָסן צונויפרופן די קאָנפערענץ אין דער דירע בא באָבראָוון און פּעטראָווען. זיי האָבן געלעבט אין ארבעטער־ראיאָן און מען האָט געקאָנט זײַן זיכער, אז די קאָנפערענץ וועט דאָרטן דורכגעפירט ווערן בעסער, ווי אין א וועלכן ניט איז אנדער אָרט. עס איז געווען זונטיק. פויערים זײַנען אָנגעפאָרן אפן מארק, האָבן אויסגעשפאנט די פערד און זיך פאנאנדערגעגאנגען איבער דער שטאָט. פיל פון זיי זײַנען געווען דעלעגאטן פון דער פארטיי־קאָנפערענץ.

פונקט 12 אזייגער באטאָג האָט דער כאווער קאמענסקי געעפנט די קאָנפערענץ. ער האָט באוויזן צו האלטן זײַן ארײַנפיר־רעדע, האָט אָנגעמערקט די גרונט-אופגאבעס פון דער קאָנפערענץ. פלוצלינג האָט זיך אין צימער ארײַנגעריסן א פּאָליציי-אגענט. אף זײַן פראגע, וואָס טוט זיך דאָ, האָבן די פארזאמלטע געענטפערט, אז מע שפילט אין קאָרטן. „מיר ווייסן, וואָס פארא קאָרטן"—האָט ער א געשריי געטאָן און איז ארויסגעגאנגען.

כ'קאמענסקי האָט געמאָלדן, אז די קאָנפערענץ איז אראָפּגעריסן געוואָרן און האָט באפוילן צו אנטלויפן, ווער וווהין עס קאָן. אין הויף איז געווען א סאָד. אלע האָבן זיך געלאָזט לויפן איבער דעם דאָזיקן סאָד. מע האָט געבעטן קאמענסקען מיטגיין. אָבער, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, מאָטיווירנדיק מיט דעם, אז ער דארף פארניכטן די מאטעריאלן, וואָס זײַנען געווען אף דער קאָנפערענץ. באָבראָוו האָט אויך ניט געקאָנט אוועקגיין, ווײַל זײַן שכיינע פּעטראָווא איז געווען קראנק אף טיפוס.

עס האָבן זיך אַרײַנגעריסן די ווײַספּאָליאַקן. קאַמענסקי האָט אָפּגערעדט, אַז אויב ער וועט צו צוויי אַזייגער ניט קומען, הייסט עס, אַז ער איז דורכגעפאַלן. עס איז שוין פיר אַזייגער און קאַמענסקי איז ניטאָ. גלײַך האָט מען געגעבן צווישן אַלע טוער פון פּאַרט־קאָמיטעט, אַז אין שטאָט איז אַ דורכפאַל, אַז קאַמענסקי איז, ווײַזט אויס, אַרעסטירט.

אַזוי איז פאָרגעקומען דער ערשטער דורכפאַל פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. קאַמענסקי, באָבראָוו און פּעטראָווא האָבן זיך געהאַלטן, ווי פעסטע באָלשעוויקעס סײַ אַפּ דער „אויספאָרשונג", סײַ אַפּן געריכט, וואָס איז פאָרגעקומען גלײַך נאָכן „פאַרענדיקן די אויספאָרשונג". און די פּרעכטיקע האַנט פון די ווײַספּוילישע הענקער האָבן דערנאָך צעשאָסן אַלעמען דרײַען. די קראַנקע פּעטראָווא האָט מען דערשאָסן אַפּן טראָג־בעטל, ווײַל זי האָט ניט געקאָנט שטיין אַפּ די פיס. פאַר די ווײַספּאָליאַקן האָט אַפילו די טויט־קראַנקע קאָמוניסטקע פאָרגעשטעלט אַ גרויסע געפאַר.

## די פײַערונג פון 1־טן מײַ

ניט געקוקט אַפּ די אַרעסטן, ניט געקוקט אַפּן דורכפאַל פון דער קאָנפערענץ, איז ד שטימונג בא די אַרבעטער אַ מונטערע. מע גרייט אויפרופן, פּלאַקאַטן צו דער פײַערונג פון ערשטן מײַ. ניט געקוקט אַפּ אַלע רעפּרעסיעס האָבן די אַרבעטער מאַרשירט אין קליינע גרופּעס איבער די טראָטואַרן פון שטאָט מיט רויטע סטענגעס אין די לאַצן. אין אַסאַך אַרבעטער־דירעס האָט מען דורכגעפירט פאַרזאַמלונגען. אומעטום האָט מען אָנגענומען פּראָטעסט־רעזאָליוציעס. די פּוילישע מאַכט האָט דערפילט, אַז ניט געקוקט אַפּ די אַרעסטן און צעשיסונגען, אַרבעט אַן אונטערערדישער קאָמיטעט און אין שטאָט איז פאַראַן אַ היפּשע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די אַרעסטן האָבן ניט אויפגעהערט.

## אַ פּראָוואָקאַטער

עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַ דרינגנדיקע זיצונג פון קאָמיטעט. מע האָט אַנאַליזירט די געשעענישן פון די לעצטע טעג. ווי אַזוי האָט געקאָנט פאָרקומען אַזאַ דורכפאַל. ערגעץ איז פאַראַן אַ פּראָוואָקאַטער. אַזאַ איז געווען די אַלגעמיינע מיינונג. און דער כשאַד איז געווען אַ ריכטיקער. ראָדאָוו—ער איז אויך ראַבינאָוויטש,—איז געווען דער פּראָוואָקאַטער און ער האָט פאַראַטן די קאָנפערענץ. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער אַן אָנגעטאָנענער אין אַ פאָרם פון אַ זשאַנדאַרם אומגעפאָרן באַווײַזן די זשאַנדאַרמען די דירעס פון אונדזערע כאַווײרים.

אָבער די אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען שטאַרק. די פּאַרטיזאַנישע באַוועגונג האָט זיך שוין פאַנאַנדערגעוואָקסן און די רויטע אַרמיי האָט פעסט אָנגעהויבן אָנגרײַפן אַפּ באָברויסק. אַדאַנק דעם, איז די שטימונג געוואָרן נאָך מונטערער און די אַרבעט איז געפירט געוואָר מיט אויסשליסלעכע טעמפּן. אַפּן אָרט פון איינע אַרעסטירטן זײַנען געקומען נײַע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן פאָרגעזעצט די זאַך פון זייערע כאַווײרים.

## אַ שוידערלעכע נאַכט

די רויטע גרײַפן אָן. יעדע קויל, וואָס זיי לאָזן אַרויס אַפּ דער ווײַספּוילישער אַרמיי, איז אַ סיגנאַל צו אַן אויפשטאַנד. אין שטאָט זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן זעלבספּאַרטיידיקונג־אָטריאַדן. מע האָט באַשלאָסן ניט לאָזן אַרויספירן פון שטאָט די מאַשינעס פון דער

עלעקטרעסטאנציע. אין באזונדערע ערטער האָט מען אפילע פאַרהאַלטן פוילישע אָבאָזן. באטאָג האָבן די פּאָליאקן מוירע געהאט באוויַיזן זיך אין גאס.

עס קומט אָן די נאכט. עס פילט זיך, אז דאָס איז די לעצטע און שווידערלעכסטע נאכט. די וויַיספּאָליאקן האָבן באשלאָסן „צעזעגענען זיך" אזוי, אז מע זאָל זיי געדענקען. מע האָט ראבירט, דאָ אפּן גאס צעשאָסן מענטשן. אנטלויפנדיק, האָבן זיי פארזיכערט „מיר גייען אוועק נאָר אפּ צוויי וואָכן. מיר וועלן זיך אומקערן און דעמאלט וועלן מיר נאָך באוויַיזן". די שטאָט איז אין פיַיער. עס ברענען היַיזער, די פעסטונג, די קאזארמעס, די עלעקטראָסטאנציע, אפּ אלע גאסן—סרייפעס. פון אומעטום טראָגט זיך אָן אומופהערלעכער געשריי: „ראטעוועט. עס ברענט!"

דידאָזיקע נאכט איז שווער צו באשריַיבן. עס האָט געבושעוועט דער צעווילדעוועטער קלאסן־סוינע. שיקערע מאכנעס זיַינען אומגעגאנגען איבער די גאסן מיט רעוואָלווערן אין די הענט, מע האָט פארגוואלדיקט, דערמאָרדעט. צי דען וועלן די ארבעטנדיקע ווען ניט איז פארגעסן דידאָזיקע שווידערלעכע נאכט!

אָבער ס'איז געוואָרן טאָג און מיטן טאָג איז געקומען די באפריַיונג. שוין 5 אזייגער אינדערפרי האָבן מיר זיך געקושט מיט אונדזערע העלדן פון די רויטארמייִשע טיילן. מיט די רויטע קאמאנדירן. צום ערשטן מאָל האָבן זיך אפּ די גאסן באוויזן יאָנטעוודיקע מאסן מענטשן. מיט גרויס פרייד האָבן די מענטשן געהערט די מיטינגען, די לאָזונגען. זיי האָבן געהערט און געשוואָרן, אז זיי וועלן קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעבן זייער סאָציאַליס־טישן היימלאנד.

איבער דער שטאָט האָט געהילכט דאָס ליד פון מונטערקיַיט און פרייד—„אלע ווי איינער זיַינען מיר גרייט צו שטארבן פאר דער מאכט פון די ראטן".

ד. רובינשטיין

# די אומלעגאלע פּרעסע פון דער ק.פּ.מ.וו. אין קאמף קעגן דער פּוילישער אָקופּאציע

„אין די כאטעס פון שוועַגנדיקן דאָרף, וואָס מיר זײַנען דורכגעגאנגען, האָט זיך אומעטום איבערגעכאזערט דאָסזעלביקע מאָנאָטאָנע, שאבלאָנע בילד: א לאָמפּ, א בוך, א קאָפּ. מיט אנדערע ווערטער: דאָס ווײַסרוסישע דאָרף איז מאמעש פּארטיפּט אין לייענען... וואָס לייענט עס דאָס דאָרף?

זיכער איז, אז דער ווײַסרוסישער פּויער האָט ניט קיין מעגלעכקײַט צו קויפן א בוך, אויב ס'פעלן אים מיטלען אפּ אזעלכע זאכן פון ערשטן געברויך, ווי זאלץ, נאפט און שווע-בעלעך.

און אָט זײַנען מיר איידעס, ווי דאָס דאָרף ווערט פּאר-פּלייצט מיט אומלעגאלער קאָמוניסטישער ליטעראטור. מע לייענט און מע שאָקלט צו מיטן קאָפּ" (פּשעגלאָנד ווילענסקי 1932 נום. 21-22)

די באָלשעוויסטישע פּארטיי האָט שטענדיק געווידמעט גרויס אופמערקזאמקײַט דער אומלעגאלער פּרעסע פון דער פּארטיי, ווײַל די פּרעסע איז געווען און בלײַבט א מעכטיקער פאקטער אין מאָביליזירן די מאסן צום קאמף, ווײַל די פּרעסע וועקט דעם קלאסן-באוווסטזײַן בא די אָפּגעשטאנענסטע שיכטן פון די ארבעטנדיקע מאסן און ציט זיי ארײַן אינעם רעוואָליוציאָנערן קאמף קעגן דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. לענין האָט אין זײַנע טעזיסן וועגן אגיטאציע באזונדערס פארשארפט די אופמערקזאמקײַט פון דער פּארטיי וועגן דער נויטווענדיקײַט צו פארשטארקן די באָלשעוויסטישע אומלעגאלע פּרעסע.

די קאָמוניסטישע פּארטיי פון פּוילן האָט געשענקט גרויס אופמערקזאמקײַט דער פראגע פון דער אומלעגאלער פּרעסע ניט נאָר אין פּוילן גופא, נאָר אויך אין די אָקופּירטע פונעם פּוילישן אימפּעריאליזם געביטן, ווי מערב-ווײַסרוסלאנד און מערב-אוקראינע. די קאָמוניסטישע פּארטיי אין מערב-ווײַסרוסלאנד איז אנטשטאנען אין 1923 י. ביז 1923 י. האָבן געארבעט די פּארטיי-אָרגאניזאציעס, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט דירעקט דער צענטראל-קאָמיטעט און די קאָמוניסטישע פּארטיי פון פּוילן, און טיילווײַז דער צק פון דער קאָמפּארטיי פון ליטע. די ערשטע אומלעגאלע צײַטונג, וועלכע איז דערשינען אין נאָמען פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי אין פּוילן אין די מערב-ווײַסרוסישע געביטן איז געווען די צײַטונג „באראצבא" („דער קעמפער"). דער ערשטער נומער פון „באראצבא" איז דערשינען דעם 15-טן אווגוסט 1921.

פונ צָנהױב אָנ, פונ ערשטנ מאָמענט פונ פױלנס אומאָפּהענגיקײַט, האָט דער פּױלישער אימפּעריאַליזם פאַרװאַנדלט מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד אונ מײַרעװ־אוקראַיִנע אינ קאָלאָניעס פונ דער פּױלישער בורזשואַזיע. די ערשטע טריט פונ די װײַספּױלישע באַנדעס אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד אונ מײַרעװ־אוקראַיִנע זײַנענ באַפלעקט מיט אַרבעטער אונ פּױערים־בלוט, זײַנענ פאַרבונדנ מיט ברוטאַלע רעציכעס קעגנ די װײַסרוסישע אַרבעטער אונ פּױערים! די הערשאַפט פונ פּױלישנ פאַשיזם האָט זיכ געשטיצט אונ שטיצט זיכ אַפ קנעכטשאַפט אונ דערנידערונגענ, אַפ פּאָגראָמענ אונ שאַרפסטער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. נאַהײַקעס אונ קױלנ, פעלדגעריכטנ אונ שטראָפ־עקספּעדיציעס, קאָנצענטראַציע־לאַגערס אונ שװערע טפיסע — אָט זײַנענ די פאָרמענ פונ דער פאַשיסטישער הערשאַפט אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד.

אונ גלײַכצײַטיק האָט דער װײַסרוסישער פּױער, דער װײַסרוסישער אַרבעטער, די ייִדישע אַרבעטער אונ האָרעפּאַשניקעס געזענ װי ניט װײַט פונ אים, אַפ יענער זײַט פונ די גרענעץ־סלופּנ, האָבנ זײערע מיזרעכדיקע ברידער, אַדאַנק דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע, אָפּגענומענ די ערד בא די פּריציט אונ בױענ א נײַע געזעלשאַפט, ריכטנ זיכ שנעל אױפ פונ די סרײפעס אונ פאַרװיסטונג, װעלכע זײַנענ געבליבנ בעירושע פונ פּילסודסקעס לעגיאָנענ אונ באַלאַכאָװיטשעס באַנדעס. דאָס האָט נאָכ אינ א גרעסערער מאָס מיטגעװירקט צו דער רעװאָליוציאָניזירונג פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד, נאָכמער פאַרשטאַרקט זײער דראַנג צו באַפרײַענ זיכ פונ אונטער דער פּריצישער אָקופּאַציע אונ קעמפנ פאַר דער פאַרטײדיקונג פונ סאָװעטנ־װײַסרוסלאַנד אונ סאָװעטנפאַרבאַנד.

אינ יענע יאָרנ שפּילנ א גרױסע ראָל די בעזשענצעס, װעלכע זײַנענ מיט צװאַנג אַרױסגעשיקט געװאָרנ פונ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד אינ 1915 י. אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער מאַפּאָלע פונ דער צאַרישער אַרמײ. אינ זײַנע דערינערונגענ װעגנ די ערשטע יאָרנ פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד שרײַבט דער כ' װאָלעװיטש:

„אינ יענע יאָרנ שפּילנ אינ דער רעװאָליוציאָנערער באַװעגונג א גרױסע ראָל די גרױסע מאַסנ בעזשענצעס. 100.000 אײַנװױנער זײַנענ צוריק געקומענ פונ סאָװעטנ־רוסלאַנד אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד. די מאַסע האָט דורכגעלעבט די רוסישע רעװאָליוציע אונ א גרױסע טײל פונ איר האָבנ אַקטיװ אָנטײל גענומענ אינ דער רעװאָליוציע. די מאַסנ בעזשענצעס, צוריקקומענדיק צו זיכ אינ דאָרפ, האָבנ געפונענ א פולקומע פאַראָרעמונג. דערבײַ האָבנ זײ זיכ גלײַכ אָנגעטראָפנ מיט אַנ אומגעהױער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, אונ אָט די מאַסנ זײַנענ געװאָרנ א װיכטיקער פאַקטער, װעלכע האָבנ מיטגעװירקט אינ דער רעװאָליוציאָניזירונג פונעם װײַסרוסישנ דאָרפ. פאַר דער פּאַרטײ איז געשטאַנענ די אױפגאַבע צו אָרגאַניזירנ די רעװאָליוציאָנערע שטימונגענ פונ אַרבעטנדיקנ פּױערטום אונ אונטערװאַרפנ זײ דער פּראָלעטאַרישער אָנפירונג" (אי. װאָלעװיטש „די ערשטע יאָרנ פונ דער קאָמפּאַרטײ אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד", ז. 12, מינסק 1935 מעלוכע־פאַרלאַג).

***

א קאָלאָסאַלע ראָל פונ דער אָרגאַניזירונג פונ די רעװאָליוציאָנערע שטימונגענ פונ דער אַרבעטנדיקער באַפעלקערונג אינ מײַרעװ־װײַסרוסלאַנד האָט געשפּילט אונ שפּילט נאָכ ביז איצט די אומלעגאַלע פּרעסע פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ. אינ

ערשטנ נומער „באראצבא״ ווענדט זיכ די פארטײַ אינ איר לײַטארטיקל צו די ברייטע שיכטנ פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג אינ מײַרעוו ווײַסרוסלאנד, דערקלערנדיק:

„אפ א קורצער צײַט האָבנ זיכ אויכ בא אונדז פאראיאָרנ באוויזנ די באפרײַונג־שטראַלנ. די רויטע ארמיי האָט באזיגט די פוילישע פריצים, די פוילישע שליאכטע אונ האָט זיכ דערנענטערט צו ווארשע. די ניצכוינעס פונ דער רויטער ארמיי זײַנענ אויכ אונדזערע ניצכוינעס, ווײַל צענדליקער טויזנטער פונ ווײַסרוסישע ארבעטער אונ פויערים האָבנ זיכ ארײַנגעגאָסנ אינ דער רויטער ארמיי, ווײַל מיר אלע האָבנ געוווּסט, אז דער זיג פונ דער סאָוועטנמאכט אינ ווארשע וועט פארפעסטיקנ פאר אונדז, ווײַסרוסישע פויערים, אונדזער ערד אונ אונדזער פרײַהײַט״.

„אונדזער אָרגאנ האָט זיכ געשטעלט אונטער דער פאָנ פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי. אונטער דער פאָנ רופנ מיר אלע ווײַסרוסישע ארבעטער אונ פויערים. אונדזער פארטיי איז א באשטאנד־טייל פונ דער וועלט־ארמיי פונעם קעמפנדיקנ פראָלעטאריאט. איר קאמפ פירט אונדזער פארטיי אונטער דער אָנפירונג פונעם אלוועלטלעכנ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל״ („באראצבא״, 15־טנ אווגוסט 1921).

קעדיי צו פארשטארקנ דעמ פארבאנד צווישנ די פוילישע ארבעטער אונ פויערים מיט די ווײַסרוסישע ארבעטער אונ פויערים, קעדיי דערפאָלגרײַכ קעמפנ צוזאמענ קעגנ דעמ פוילישנ אימפעריאַליזמ אונ זײַנ נאציאָנאלער אונטערדריקונג, קעגנ דעמ זאָאָלאָגישנ שאָוויניזמ, וועלכנ פילסודסקי האָט דעמלט געפרווּוט אײַנצופלאנצנ אינ די מויכעס פונ די מאסנ, ווענדעט זיכ די „באראצבא״ מיט א רופ צו די ארבעטער אונ פויערים פונ קרוינ־פוילנ:

„די גאנצע ערד פונ פוילנ געהערט די פויערים... גייט ניט אינ ווײַסרוסלאנד אָפּנעמענ די ערד בא די ווײַסרוסישע פויערים. שטרעקט אויס ברידערלעכ די האנט אונ קעמפט צוזאמענ אינ געשלאָסענע רייענ קעגנ אלגעמיינעמ סוינע—קעגנ די פריצים, בורזשויענ אונ זשאנדארמענ״ („באראצבא״, 1 סענטיאבער 1921).

דער ווּוקס פונ די פארטיי־אָרגאניזאציעס אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ, די פארשטארקונג פונ דער פארטיי־ארבעט אינ אלע געביטנ, דער ווּוקס פונעם אײַנפלוס פונ דער פארטיי אינ די מאסנ—דאָס אלצ האָט געשטעלט פאר דער פארטיי די אופגאבע ניט נאָר צו פארייניקנ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד אלע פארטיי־אָרגאניזאציעס, וועלכע ארבעטנ אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אינ פוילנ, נאָר אויכ פארייניקנ די פארטיי־אויסגאבנ.

„שוינ אינ דער צײַט פונ די סיימ־וואלנ(1922 יאָר) — שרײַבט כ׳ וואלעוויטש— האָבנ זיכ קימאט אלע אויסגאבנ פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד קאָנצענטרירט אינ ביאליסטאָקער קרײַז. אויסער דער אומלעגאלער ליטעראטור זײַנענ דעמלט דערשינענ 2 לעגאלע צײַטונגענ: איינ ווײַסרוסישע „וויאסקאָווי פראָלעטארי״ אונ איינ ייִדישע צײַטונג „אונדזער צײַטונג״ (ז. 16).

„אָ גרויסע ארבעט איז אויכ דעמלט דורכגעפירט געוואָרנ אינ די שטעטלעכ, עס האָט זיכ פאנאנדערגעוויקלט א גרויסע ארבעט צווישנ די ייִדישע ארבעטער. וועגנ דעמ זאָגנ איידעס אזעלכע ציפערנ: דער לעגאלער אָרגאנ פונ דער פארטיי אינ דער

8. „שטערנ״ נומ. 7.

ייִדישער שפראַך, צו יענער צײַט, װעלכער איז דערשינען פאר גאנצ פױלן אין א צאָל פון 5000 עקזעמפליארן, איז אין װײַסרוסלאַנד פארשפרייט געװאָרן אין א צאָל פון 2000 עקזעמפליארן. דער פארקױפ פון דער צײַטונג איז געװאָרן דורכגעפירט מיט דער הילפ פון אונדזערע כאַװײרים און סימפאטיקער. אין די שטעט האָבן מיר געװונען אלצ נײַע און נײַע מאסן... דעם צק איז דערמלט געלונגען אין א באַדײַטנדיקער מאָס צו פארגרעסערן די צאָל פון די פארטיי־אױסגאבן״. (ז. 30).

װען מיר לייענען די פארטיי־פרעסע פון יענע יאָרן, זעען מיר אן אָפּשפּיגלונג פון די באַדינגונגען, אין װעלכע ס׳איז אױסגעקומען צו ארבעטן דער פארטיי. מיר געפינען אין דער פארטיי־פרעסע א גרױסע צאָל פון קאָרעספּאָנדענצן, װוּ אין א גאנצ געװײנלעכער שפראַך באַשרײַבן די ארבעטער און ארבעטנדיקע זייערע ארבעט־באַדינגונגען. זייער לעבנ־ניװאָ. עס גייען דורך פאר אונדז שרעקלעכע און טרױעריקע בילדער פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פון רעדיפעס פון די פױלישע פריצים און קאַפּיטאַליסטן קעגן די ארבעטער און פױערים, פון די שרעקלעכע ארבעט־באַדינגונגען אין די פאַבריקן און זאַװאָדן און גלײַכצײַטיק הערט זיך א מעכטיקער רוף צום קאמפ, צום װידערשטאַנד.

מיר װעלן דאָ ברענגען א גאנצע רײ בײַשפּילן פון קאמפ קעגן דער פױלישער אָקופּאַציע פאר די לעצטע צװיי יאָרן אפן סמאַך פון פרעסע־קאָרעספּאָנדענצן פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פרעסע.

* * *

אין נאָװאָגרודעק האָט די פאָליציי דערהארגעט א יונגן פױער, א מיטגליד פון קאָמיוג אין מײַרעוו־װײַסרוסלאַנד. די אָרטיקע פארטיי־אָרגאניזאציע האָט ארױסגעלאָזן אן אופרופ און זיך געװענדעט צו דער באַפעלקערונג מיט א רופ צו פּראָטעסטירן קעגן דעם בעסטיאַלן מאָרד פון די פױלישע פאשיסטן.

„א פאָר טעג נאָך דעם מאָרד—שרײַבט די צײַטונג „קוימי בראָנ״—האָבן זיך פארזאמלט אײניקע טױזנט פױערים און אָרגאניזירט א מיטינג צום אָנדענק פונעם דערמאָרדעטן כאַװער. אפ דעם מיטינג איז ארױסגעטראָטן א רעװאָליוציאָנערער פױער, װעלכער האָט כאראקטעריזירט די לאַגע אין מײַרעוו־װײַסרוסלאַנד און גערופן די פארזאמלטע צום קאמפ קעגן פאשיזם. אפ דעם מיטינג זײַנען אָרגאניזירט געװאָרן 12 זעלבסט־שוץ־דרוזשינעס אין א צאָל פון 300 מאַן. דער מיטינג האָט געהאַט א גרױסן אײַנפלוס אפן װוּקס פון רעװאָליוציאָנערן קאמפ אין אונדזער ראַיאָן״ (3־טן יונ 1934).

אין דער צײַטונג „די קאמפ־פאָן״, אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון מײַרעוו־װײַסרוסלאַנד, געפינען מיר א זייער אינטערעסאַנטע קאָרעספּאָדענצ װעגן קאמפ פון די גראָדנער פױערים קעגן דער פאשיסטישער אָקופּאַציע.

„אין דאָרפ נאָװאָסיאָלקי פון גראָדנער קאַנט זײַנען געקומען צופאָרן 2 סעקװעסטראַטערן, א װאָיט און 5 פאָליציאַנטן, כדי צונעמען דאָס האָב און גוטס פאר שטײַערן. באַלד זײַנען פאַנאַנדערגעשיקט געװאָרן רױטע קוריערן אפ פערד. זיי זײַנען ארומגעפאָרן 10 דערפער און אומעטום גערופן קומען צוהילפ, װײַל אין נאָװאָסיאָלקי באַלעבאַטעװעט פאָליציי. די פױערים, װאָס זײַנען געקומען צוהילפ פון

די שכײנעסדיקע דערפער האָבנ ארומגערינגלט פונ אלע זײַטנ דאָס דאָרפ, קעדיי ניט ארויסצולאָזנ די פּאָליציי אונ אנטלאָפּענע זי. אָבער די פּאָליציי האָט דער־פילט, אז עס גרייט זיכ עפּעס ניט קײנ גוטס אונ איז אנטלאָפנ אינמיטנ דער ארבעט, ניט מיטנעמענדיק מיט זיכ גאָרנישט.

דעמלט האָט זיכ די גאנצע מאסע אויסגעשטעלט אינ רייענ אונ דורכגעצויגנ אינ א דעמאָנסטראציע דורכנ דאָרפ. אינמיטנ דאָרפ האָט זיכ די דעמאָנסטראציע אָפּגעשטעלט. דאָס האָבנ זיכ פארזאמלט אלע אײַנוווינער פונ דאָרפ. באלד האָט זיכ אָנגעהויבנ א מיטינג. דער ערשטער איז ארויסגעטראָטנ אנ אלטער 60־יאָריקער פויער, וועלכער האָט געזאָגט: „מיר האָבנ זיכ איבערצײַגט, אז נאָר די קאָמוניסטישע פּארטיי פארטיידיקט די אונטערדריקטע פויערים אונ אלע אונטערדריקטע. מיר דאנ־קענ איר אינ נאָמענ פונ אונדזער גאנצנ דאָרפ פאר דער הילפ. מיר וועלנ שטענדיק ווענדנ זיכ צו אײַכ אונ מיר בעטנ, אז ווענ בא אײַכ וועט עפּעס געשענ זאָלט איר אונדז רופנ" (די „קאמפ־פאָנ" ווילנע, מײַ 1933).

מיר האָבנ נאָר געבראכט 2 בײַשפּילנ פונעמ קאמפ פונ די ווײַסרוסישע פויערים קעגנ דער פּוילישער אָקופּאציע, וועלכע זײַנענ כאראקטעריסטיש ניט נאָר פאר די צוויי רײַאָ־נענ, נאָר פאר גאנצ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד. עס איז שווער צו געפינענ א דאָרפ אינ מײַ־רעוו־ווײַסרוסלאנד, ווו די ווײַסרוסישע פויערים זאָלנ ניט פירנ דעמ אקטיווסטנ קאמפ קעגנ אלע פאָרמענ פונ דער פאשיסטישער אָקופּאציע, קעגנ אלע פאָרמענ פונ דער קאפּיטאַ־ליסטישער פארשקלאפונג א. א. וו. אינעמ קאמפ קעגנ דער פּוילישער אָקופּאציע ווערנ ארײַנגעצויגנ אלצ נײַע אונ נײַע מאסנ. דער קאמפ פארשארפט זיכ אונ פארטיפט זיכ פונ טאָג צו טאָג.

* * *

דער רעוואָליוציאָנערער קאמפ פונ די ארבעטנדיקע מאסנ פונ פּוילנ אונ מײַרעוו־ווײַס־רוסלאנד באאײַנפלוסט אלצ מער די זעלנער־מאסנ. דער זעלנער שטייט אלצ אָפטער אופ צומ קאמפ קעגנ די אָפיצערנ אונ דער פאשיסטישער רעגירונג. פאקטנ פונ ברעכנ די מי־ליטערישע דיסציפּלינ ווערנ קימאט א טאָגטעגלעכע דערשײַנונג. א גרויסע ראָל אינ דער מאָביליזירונג פונ די פּוילישע זעלנער שפּילט די צײַטונג „די שטימע פונ זעלנער", וועלכע דערשײַנט אינ ווילנע אלס אויסגאבע פונ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער ק.פּ.מ.וו. אונ ווערט מאסנווײַז פארשפּרייט צווישנ די זעלנער־מאסנ. מיר ברענגענ אייניקע בײַשפּילנ פונעמ העראָישנ קאמפ פונ די זעלנער־מאסנ אינ מײַרעוו־ווײַסרוסלאנד קעגנ דער פּוילישער אָקופּאציע.

די סאָלדאטנ פונ נײַווילייקע שרײַבנ דעמ 5־טנ מײַ 1934 פאָלגנדעס:

„אונדזער אָפּטיילונג פונ 25־טנ פוסגייער־פּאָלק איז אוועק אונטער דער אָנפי־רונג פונעמ אָפיצער גריגעליס. אפנ וועג האָט גריגעליס באפוילנ דעמ סאָלדאט וו ל א ד אָ ר ט ש י ק צו טראָגנ א שווערע זאכ. בא וולאדאָרטשיקנ זײַנענ נאָכ די וווּנדנ אפ דער פּלייצע אונ אפנ האלדז ניט געווענ פארהיילט אונ ער האָט זיכ אָפּגעזאָגט אויסצופילנ זײַנ באפעל.

דער אָפיצער האָט איבערגעכאזערט זײַנ באפעל אונ וולאדאָרטשיק האָט זיכ ווי־דער אָפּגעזאָגט אימ אויספילנ. דער אָפיצער האָט דעמלט אימ אויסגעטאָנ דעמ רי־מענ אונ אימ אוועקגעשיקט אינ דער מיליטערישער טפיסע אינ ווילנע. אונדזער אָפּטיילונג איז געווענ אזוי אופגעבראכט קעגנ דער האנדלונג פונעמ אָפיצער,

אז ווען ער האָט אונדז געהייסן זינגען, האָבן אַלע געשוויגן. דערזעענדיק, אַז קיינער הערט ניט זײַן באַפעל, האָט דער אָפיצער אָנגעהויבן צו זוכן פּרײַוויליקע, וועלכע זאָלן מיט אים זינגען, דערויף האָט אים דער סאָלדאַט דאַוויד געענטפערט: „דאָס איז ניט דאָס 18 און 19 יאָרן, איצטער זײַנען שוין ניטאָ קיין פּרײַוויליקע", דאַוויד איז אויך אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער מיליטערישער טפיסע. דער אופגעבראַכטער אָפיצער האָט אונדז באַפוילן צו לויפן, נאָר די גאַנצע אָפּטיילונג האָט דעם באַפעל ניט דורכגעפירט".

די סאָלדאַטן פון 42־טן פוסגייער־פּאָלק אין ביאַליסטאָק שרײַבן, אַז באַ זיי איז פאַראַן אַ גוטער קאָלעקטיוו, אַ קאָלעקטיוו, וועלכער טרעט אַרויס געמיינזאַם און לאָזט זיך ניט אונטערדריקן פון די פאַשיסטישע אָפיצערן.

„זייער אָפּט—שרײַבן די זעלנער — ענטפערן מיר אָפּ די אָפיצערן אָפּ זייערע שטראָף־באַפעלן, ווי „לויפן שנעל" א.א.וו. „טוט עס אַליין", „מיר זינגען ניט" („די שטימע פון זעלנער"—אויגוסט 1934).

אַ גרויסע אַרבעט פירן דורך צווישן די פּריזיוויניקעס די קאָמיוגיסטן אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד. יעדן זונטיק לאַדן זיי אײַן די פּריזיוויניקעס אָפּ זייערע פאַרוויילונגען. אָפּ די פאַרוויילונגען פירן די קאָמוניסטן דורך שמועסן מיט די פּריזיוויניקעס וועגן פאַרשיידענע פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועגן די קאַמפן פון די אַרבעטער און פּויערים קעגן דער פּוילישער אָקופּאַציע און וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַרטיידיקן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. די פּאַרטיי פאַרשטייט די גרויסע ראָל, וועלכע ס'וועט שפּילן די אַרמיי אין אַ מאָמענט פון פאַרשאַרפטן און דעצידירנדיקן קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער דיקטאַטור, ווען פאַרן זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע וועט זײַן אומבאַדינגט נייטיק, אַז גרויסע מאַסן פון דער אַרמיי זאָלן זיך באַוואָפנט שטעלן אָפּ דער זײַט פון די אַרבעטער און פּויערים. די אַרבעט, וועלכע די פּאַרטיי און די קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס פירן דורך צווישן דער אַרמיי, שטעלט זיך דעם ציל צוצוגרייטן די סאָלדאַטן אָפּ דער באַזע פון זייערע טאָגטעגלעכע קאַמפן צו דעם אַנטשיידנדיקן שלאַכט קעגן דער פאַשיסטישער הערשאַפט. מיר ציטירן אַ ווענדונג פון די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אָפּ אַ פאַרוויילונג מיט די יונגע ווילנער אַרבעטער, צו די קעמפנדיקע אַרבעטער און פּויערים אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד.

„מיר, סאָלדאַטן, פאַרזאַמלט אָפּ אַ געמיינזאַמער פאַרוויילונג מיט די יונגע אַרבעטער פון ווילנע, באַגריסן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די אַרבעטער און פּויערים און פאַרזיכערן, אַז אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקײַטן וועלן מיר אָנטייל נעמען אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן טעראָר אין די קאַזאַרמעס. מיר רופן די כאַווייריםפון אַלטן פּריזיוו זיך צו אָרגאַניזירן, צו העלפן די יונגע פּריזיוויניקעס קעמפן צוזאַמען מיט אונדז פאַר אַ בעסערן מאָרגן. מיר שיקן אַ פלאַמיקן גרוס דער רויטער אַרמיי און דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. אַ גרופּע סאָלדאַטן פון דער 5־טער פאַרמאַציע פון ווילנער גאַרניזאָן" („די שטימע פון זעלנער" אויגוסט 1934).

* * *

די פאַשיסטישע מאַכט פון פּוילן גרייפט אַלץ כוצפּעדיקער אָן אָפּ דער אַרבעטנדיקער יוגנט, פאַרניכטעט אירע אָרגאַניזאַציעס, פאַרטיילט די יוגנט צו אַרבעטלאָזיקייט און פאַרשטאַרקטער עקספּלואַטאַציע. דער קאָמיוג אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד פירט שוין יאָרנלאַנג

א גרויסנ קאַמפּ אונטער דער אָנפירונג פונ צק פונ דער ק. פּ. מ. וו. אַפּ געווינענ די גרויסע יוגנטלעכע מאסנ פאַר דעמ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ. ביז אווגוסט 1931 איז דערשינענ דער צענטראַל אָרגאַנ פונ קאָמוניסטישנ יוגנט־פאַרבאַנד אינ מײַרעמ־ווײַס־רוסלאַנד—„דער יונגער קאָמוניסט“ אונ פונ אווגוסט 1931 הייסט די צײַטונג „דער יונגער קעמפּער“. די צײַטונג דערשײַנט אינ ווילנע אונ ווערט מאסנווײַז פאַרשפּרייט צווישנ די יוגנטלעכע אַרבעטער. „דער יונגער קעמפּער“ אָרגאַניזירט די יוגנטלעכע אַרבעטער אונ אַרבעטנדיקע, אומעטומ ווו זיי געפינענ זיכ, צומ קאַמפּ פאַר זייערע אייגענע פאָדערונגענ, צומ קאַמפּ פאַר בעסערע לעבנ־באַדינגונגענ, צומ קאַמפּ קעגנ דער פּוילישער אָקופּאַציע.

דער צ.ק. פונ דער ק.פּ.מ.וו. גיט אַרויס א פּעריאָדישע צײַטונג, געווידמעט דער לאַגע פונ דער אַרבעטנדיקער פרוי—„די פרוי אַפּ די באַריקאַדנ“. אויסער דעמ, דערשײַנענ א גאַנצע ריי אַנדערע צײַטונגענ ווי „צייטונג־נײַסנ“, „מיטיילונגענ וועגנ פּססר“, „דער פּאַרטיי־טוער“ א. אנד. מיר ריידנ דאָ נאָר וועגנ צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ, ווײַל אויסער צײַטונגענ דערשײַנט אַנ אומגעהויערע צאָל פונ בראָשורנ איבער פאַרשיידענע פּראַגנ פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אויפרופנ, אויסגאַבנ פונ די אָרטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס א. א. וו.

אויסער דעמ, דערשײַנענ א ריי צײַטונגענ אינ דער ייִדישער שפּראַכ (דער פּאַרטיי־טוער“, „קאַמפּ־פאָנ“. „יונגער־קעמפּער“, א. אנד).

עס וואָלט פאַרנומענ צופיל אָרט, ווענ מיר וואָלטנ גענומענ איליוסטרירנ מיט בײַשפּילנ די גרויסע אַרבעט פונ דער ק. פּ. מ. וו. צווישנ די ייִדישע אַרבעטער אונ האַנטװערקערס. אינ די באַשטימונגענ פונ 3־טנ פּלענומ פונ צק קפּפּ (זײַטל 11) ווערט אָנגעוויזנ אַפּ דער נויטווענדיקײַט צו

„אָרגאַניזירנ דעמ קאַמפּ פונ דער שטאָטישער אָרעמקײַט קעגנ די שטײַערנ אונ שטײַערנ־עקזעקוציעס, קעגנ די דירע־ספּעקוליאַציעס אונ עקסמיסיעס, קעגנ דעמ יאַקרעס אונ די הויכע קאַרטעל־פּרײַזנ“.

די באַשטימונג פונ צ.ק. קפּפּ האָט מיטגעווירקט אינ דער מאָביליזירונג פונ די ברייטע מאסנ פונ דער שטאָטישער אונ שטעטלדיקער אָרעמקײַט, פאַרייניקנדיק זייער קאַמפּ מיטנ ברייטנ קאַמפּס־פראָנט פונ די אַרבעטנדיקע מאסנ קעגנ דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע אונ עקספּלואַטאַציע, אונטעראָרדנדיק דעמ קאַמפּ דער פּראָלעטאַרישער אָנפירונג. מיר ברענגענ א פּאָר בײַשפּילנ פונעמ קאַמפּ פונ דער שטאָט־אָרעמקײַט.

„לעצטנס, זײַנענ אינ ווילנע געשאַפנ געוואָרנ עטלעכע אַנטי־עקסמיסיע־קאָמיטעטנ, וואָס פירנ אָנ מיטנ קאַמפּ קעגנ אַרויסוואַרפנ אָרעמע שכיינימ פונ די דירעס. אינ א גאַנצע ריי פאַלנ האָבנ שוינ די דאָזיקע קאָמיטעטנ ניט דערלאָזנ צו עקסמיסיעס“ („קאַמפּ־פאָנ“ ווילנע 1932).

אינ דערזעלבער צײַט, ווענ צענדליקער טויזנטער פאַמיליעס זײַנענ אַרבעטסלאָז, ווענ דער דאַלעס אונ נויט וואַקסט פונ טאָג צו טאָג, פאַרגרעסערט זיכ דער יאַקרעס, פאַרקלענערט זיכ ניט אַפּ קיינ האָר דאָס דירע־געלט, דריקט אַלצ אומבאַרמהאַרציקער דער שטײַער־שרויפ. די ייִדישע האַנטװערקערס טוענ נאָכ דעמ בײַשפּיל פונ די קעמפנדע אַרבעטער אונ פּויערימ אונ פירנ אַנ אַקשאָנעסדיקנ אָרגאַניזירטנ קאַמפּ.

* * *

צום סאָף ווילן מיר נאָר ווידמען א פּאָר ווערטער דער פראגע פון פארשפרייטונג פון דער אומלעגאלער ליטעראטור. יעדער פארטיי־מיטגליד, יעדער סימפּאטיקער, יעדער אופריכטיקער און קלאסנבאוווסטזיניקער ארבעטער און פויער פארשטייט גאנץ גוט, אז פאר פארשפרייטן די ליטעראטור דראָט אים יאָרנלאנגע טפיסע, מאטערונגען אין די אָכראנקעס א. וו. וו., אָבער אלס איבערגעגעבענער סאָלדאט פון דער רעוואָליוציע, גייט ער דרייסט, מוטיק פאר די טויערן פון די פאבריקן און זאוואָדן, אין די שטעט און שטעטלעך, אין די פארוואָרפנסטע דערפער פון מערעוו־ווײַסרוסלאנד און פארשפרייט צווישן די מאסן די אומלעגאלע קאָמוניסטישע ליטעראטור, וועלכע וועקט די מאסן צום קאמפ.

„וואָס איז שאיעך דעם קאָלפּארטאזש פון ליטעראטור—שרייבן די ביעלאָוועזשער כאווײַרים—דאכט זיך אונדז, אז מיר באקומען די ערשטע באלוינונג. די ליטעראטור איז געשיקט געוואָרן ניט נאָר אין יענע דערפער, ווו עס זײַנען דאָ אונדזערע אָרגאניזאציעס, נאָר אויך אין יענע, ווו זיי זײַנען ניטאָ, און אומעטום האָבן מיר געהאט א דערפאָלג. די לעצטע וואָך פאר די וואלן אין סיים האָבן מיר פארשפרייט אונזערע נומערן און פלעגן פאנאנדערקלעפּן אופרופן איבערן גאנצן ראיאָן פון ביעלאָוועזש יעדע נאכט“ („פארטיי־טויער“ ווילנע, פעווראל 1931 י.).

די ביעלאָוועזשער כאווײַרים פארדינען ווירקלעך אָנערקענונג, אָבער אזעלכע בײַשפּילן האָבן מיר שוין היינט אסאך און די ביעלאָוועזשער כאווײַרים זײַנען שוין ניט די איינציקע, וועלכע האָבן אזוי גלענצנד אָרגאניזירט די פארשפרייטונג פון דער אומלעגאלער ליטעראטור.

* * *

פוילן איז געווען און בלײַבט דער שוואכסטער רינג אינעם רוינירטן סיסטעם פון דער קאפּיטאליסטישער ווירטשאפט נאָך דער מילכאָמע. אפן פּאָן פון עקאָנאָמישן קריזיס, אפן פּאָן פון די פאשיסטישע פרוון צו געפינען אן אויסוועג פונעם קריזיס אפן כעשבן פון דער פארשטארקטער עקספּלואטאציע פון די ברייטע ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן, זעען מיר גאנץ בולעט, ווי עס וואקסט און פארטיפט זיך דער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג פון די מאסן, באזונדערס אין מערעוו ווײַסרוסלאנד.

די מאסן רעאגירן אלץ שארפער אף דעם אָקופּאציע־רעזשים, וואָס פארשארפט זיך אלץ מער, אף די אלץ מער ברוטאלע דערשטיקונגען פון נאציאָנאלן דרוק, אף די אלץ מער כוצפּעדיקע ארויסטרעטונגען פון דעם ווײַסרוסישן נאציאָנאל־פאשיזם, פון דער יידישער בורזשואזיע און די סאָציאל־רעפאָרמיסטן ווי „בונד“ און „פ. צ.“ די גרויסע ראָל פון דער אומלעגאלער פרעסע האָט זיך אמבולעטסטן באוויזן אין דער קאמפּאניע קעגן די נאצדעמען, קעגן די אגענטן פון צווייטן פוילישן גענעראל־שטאב, ווי ראק־מיכאלאָווסקי, דוואָרטשאנין, גאוורילויק א. אנד. און אין דער פראגע פון שאפן דעם קעמפנדיקן איינהייט־פראָנט פון אלע ארבעטער, אָן אונטערשייד פון זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען און קעגן דעם ווילן פון זייערע פירער (פון פ. פ. ס., בונד א. אנד.). עס איז גענוג צו לייענען א פּאָר נומערן פון די לעצטע פארטיי־אָרגאנען, קעדיי זיך צו איבערצײַגן וועגן דער גרויסער ראָל פון אלע פארטיי־אויסגאבן אין דער דעראָבערונג פון די מאסן פארן קאָמוניזם, פאר דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, פארן שטירצן דעם פאשיזם, פארן ניצאָכן פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

## אפנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס פונ די שרײַבער אינ פאריזש צו פארטיידיקנ די קולטור

אי. לופאל

# וועגנ קולטור-יערושע

### פאָרטראג געהאלטנ אפנ צווישנפעלקערלעכנ קאָנגרעס פונ די שרײַבער אינ פאריזש

די הײַנטצײַטיקע קאפיטאליסטישע געזעלשאפט איז ניט קײנ אײנהײַטלעכע אונ גאנצע. אינ איר קענ מענ אויסגעפינענ עטלעכע ריכטונגענ, וואָס יעדערע פונ זײ קוקט אפ איר אויפנ אפ דער קולטור־יערושע פונ. די פארגאנגענע יאָרהונדערטער.

די פאשיזירנדיקע בורזשואזיע האָט אינגאנצנ אונ פולשטענדיק פארלאָרנ די פארבינדונג מיט דער קולטור פונ די העראָישע בורזשואזיע אינ 16—17 יאָרהונדערטנ, וועלכע האָבנ געקעמפט קעגנ די פעאָדאלנ אונ דעמ קאטוילישנ קלויסטער.

דאָס „אומבאוווסטזיניקע‟ אָדער די אלאָגיסטישע פאָרמענ פונ באוווסטזײַנ שטעלט זי העכער פארנ פארשטאנד; די מאָראלישע אָפשאצונגענ אָדער דעמ מעטאָד פונ באשרײַבנ שטעלט זי העכער פארנ פרינציפ פונ אורזאכלעכקײַט; אפנ טראָנ ווערט אופגעהויבנ דער זאָאלאָגישער נאציאָנאליזמ אונ די אמערסטנ רעאקציאָנערע ראסיסטישע טעאָריעס, וועלכע דינענ צו „באגרינדנ‟ דעמ אימפעריאליזמ אונ דעמ מיליטאריזמ. די בעסטע ווערק פונ דער וועלט־ליטעראטור ווערנ פארניכטעט אפ די שײַטערס; הײנעס דענקמאָל ווערט צעשטערט, דערפאר ווערנ דערהויבנ צומ טיטל פונ „ליטעראטור־מײַסטערס‟ ג. הײנצ־עווערס אונ יאָסט.

זוכנדיק זײַנ קולטור-יערושע, איז דער פאשיזמ געצוווּנגענ אָדער זיכ ווענדנ צו די אמערסטנ רעאקציאָנערע שרײַבער פונ דער פארגאנגענער בורזשואזער עפּאָכע—צו שאָפּענהויערנ אונ ניטשענ, אָדער פאלסיפיצירנ די געשיכטע, צושנײַדנדיק לויט דער אײגענער מאָס די קלאסיקער פונ געדאנק אונ וואָרט—געטע, פיכטע, העגעל.

דערפאר ענדערט זיכ ראדיקאל די באציִונג פונ דער פאשיסטישער בורזשואזיע צו דער פעאָדאלער קולטור. אלצ האָט זיכ צונויפגעמישט אינ דעמ אלגעמײנעמ רופ: „צוריק צומ מיטל־עלטער!‟ די דעמאשיניזירונג אינ דער טעכניק אונ די דעמאגאָגישע אגיטאציע פאר דער „קאָרפּאָרירונג‟ אינ דער עקאנאָמיק; די צוויִעסדיקע אידעאליזאציע פונ דער מיטל־עלטלעכער שטאנד־געמײנדע אונ דאָס פאלשע פרײדיקנ די „קולטור‟ פונ הארצ אָדער געפיל; דער אנטיכריסט ניטשע, וואָס האָט בלאָנדזשענדיק אָנגענומענ דאָס קריסטנטומ פאר דער רעליגיע פונ גלײַכהײַט אונ דער פראוואָסלאווער אָרטאָדאָקס בערדיאיעוו מיט די מיסטישע „באווײַזנ‟ פונ דער אידעאלקײַט פונ דער מיטלעלטערלעכער אָרדענונג,—דאָס אלצ ווערט גענוצט אפ אָפּווענדנ די מענטשהײַט צוריק צו דער פעאָדאלער קולטור.

דידאָזיקע אופלעבונג פונעם מיטלעלטער באטײַט דאָס פולקאָמע פארגעסן די אנטישע קולטור. דער פאשיזם אין איטאַליע פרוּווט נאָך קולטיווירן דעם נעאָ־קלאסיציזם; עלעמענטן פון די דאָזיקע פראָצעסן באמערקן זיך אויך אין פוילן. נאָר די פאשיזירנדיקע נעאָ־קלאסיקער, וועלנדיק אונטערפירן א קלאסישע באזע אונטער דער אָפן־טעראָריסטישער דיקטאטור פון דער בורזשואזיע, זײַנען פייִק צו געבן בלויז אזעלכע לײַוונטן, וועלכע זעען אויס ווי קאריקאטורן אפ דער אנטישער קונסט.

נאָך זייערע טריט ציִען זיך טויזנטער בורזשואזע עפּיגאָנען פון דער קולטור; דאָס זײַנען — די טראדיציאָנאליסטן bona fide, וואָס האָבן זיך זייער גאנצן לעבן געהאלטן באם הינטער־כיילעק פון דער אלטער קולטור, ניט פאנאנדערקלײַבנדיק זיך, זיי זײַנען אירע געצן־דינער.

די פּרינציפּלאָזיקײַט — דאָס איז זייער גרונט־פּרינציפּ, די אידייענלאָזיקײַט — דאָס איז זייער גרונט־אידייע, שטאָלצע מיטן באוווּסטזײַן, אַז זיי האלטן אונטער אפ זייערע פּלייצעס די צוויי־טויזנט־יאָריקע קולטור, האלטן דידאָזיקע נעבעכדיקע טאלאנטן אומראכמאָנעסדיק אין איינ פארקריפּלען איר אין דעם סדוים־בעטל פונעם וועלט־באנעם פון דעם הײַנטצײַטיקן בורזשוא. די ריזן פון געדאנק פון דער אלטער און דער נײַער וועלט ווערן פארוואנדלט אין אידיאָטישע קארליקעס. אריסטאָטעל ווערט דער אווטער פון לערנביכער פאר פאָרמעלער לאָגיק צום שול־געברויך, שפּינאָזע — אַן ערלעכער פריידיקער פון געטלעכע רייד, טאָמאס מאָר — א קאנדידאט אין קאטוילישע הייליקע. דאָס קאנט־שאָקאָלאד און לייבניץ־קעקס זײַנען די פּאפּוליערע דורכפירער פון פארייגענען די פילאָזאָפישע ירושע. וואָלטער ווארט אומזיסט, בא זיך אין זײַן היימלאנד מער ווי 50 יאָר, אפ דער אקאדעמישער אויסגאבע פון דער פולער זאמלונג פון זײַנע ווערק; פון געטען מאכט מען א באגרענעצטן און איינזײַטיקן פיליסטער און מע רעכנט אויס, וויפל איז נאָך געבליבן יאָר אפ בלאָנדזשען איבער דער וועלט דער „פאוסטישער נעשאָמע"; דאָסטאָיעווסקי פון דער עפּאָכע פון „Бесы" און לעסקאָוו פון דער עפּאָכע פון „на ножах" און „некуда" האָבן געדראָט דערשטיקן די גאנצע רוסישע ליטעראטור.

אין אונטערשייד פון די דאָזיקע פארפאלענע עפּיגאָנען ווילן הונדערטער „מײַסטערס" ביכלאַל ניט וויסן וועגן א וועלכער עס איז קולטור־ירושע. אויסערלעך, זעט אַלץ אויס בא זיי העכסט רעוואָליוציאָנער. זיי האָבן ניט בעדייע גיין לערנען זיך צו דעם נעכטיקן טאָג גראָד דערפאר, ווײַל דאָס איז — דער נעכטיקער טאָג, און זיי זײַנען „פוטוריסטן". די וועלט איז ארכאיִש, זי האָט אײַנגעגרויזניעט אין די טראדיציעס פון אלטקײַט, און זיי דערפינדן נײַע פאָרמען פון לעבן, — זיי זײַנען „נאָוואטאָרן". די רעאלע פראָזע פון לעבן איז גרוי און אומעטיק. אירע ריטמען זײַנען ראציאָנעל צונויפגערעכנט. זיי ווילן זיך אָבער אופהויבן איבער דער רעאלקײַט: זיי זײַנען „סיורעאליסטן": דער אויסערלעכער מאטעריעלער וועלט ווילן זיי אנטקעגנשטעלן די עקספּרעסיע פון זייער „איך": זיי זײַנען „עקספּרעסיאָניסטן". און דעריבער איז אראָפּ אַלעס נעכטיקע און אפילע דאָס הײַנטיקע!

דערדאָזיקער קולטור־ניהיליזם איז פארשטענדלעך אין דער צעפוילנדיקער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט. די אומבאפרידיקטקײַט מיט דער הערשנדיקער קולטור רופט ארויס אמאָל בונטארישע פּראָטעסטן. פונדעסטוועגן קאָן דער פּראָטעסטירנדיקער בורזשוא און דער צעיושעטער פון די מיאזמען פון דער קאפּיטאליסטישער קולטור קליין־בורזשוא דערגרייכן בלויז צו די פּאָזיציעס פון באלעבעסלדיקן אנארכיזם, נאָר דער אויסגאנג פון באלעבעסלדיקן אנארכיזם איז שוין פאָרויס געוויזן געוואָרן דורך דער געשיכטע אינעם גורל פון איינעם פון

די ערשטע „פארשוועוע״ער״ פונ דער קולטור—דעמ „איינציקנ״ מאקס שטירנער. אינ א געוויסער צײַט ארומ קערנ זיי זיכ געווײנלעכ אומ „ווי א הונט אפ זײַנ מײקעכצ״. דער סאָפ פונעמ קאפיטל איטאליענישער פוטוריזמ פונ מארינעטי, וועלכער רוט איצט אינ שויס פונ פאשיזמ אונ וואָס איז באקרוינט מיט די לאָרבערנ פונ אנ אקאדעמיקער, באשטעטיקט גלענצנדיק דעמדאָזיקנ געזעצ.

דער רוסישער פוטוריזמ האָט אויסגעזוענ שיר ניט דער רעוואָליוציאָנערסטער פונ די אלע פוטוריסטישע אטריאדנ. נאָר אויכ פונ די רוסישע פאָעטנ פוטוריסטנ וועט בלויז ארײַנגיינ אינ דער געשיכטע פונ דער ליטעראטור דער, וואָס האָט געפונענ אינ זיכ קויכעס צו ארײַנגיסנ זיכ אינ די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־רייענ אונ, פריער פאר אלצ, באשטימט, מאיאקאָווסקי. אזוי האָט פונ די רייענ פונ פראנצויזישנ סיורעאליזמ מוטיק זיכ ארויסגעריסנ ל. אראגאָנ, וועלכער איז מיטנ גופ אונ נעשאָמע אריבערגעגאנגענ אינ די רעוואָליוציאָנערע רייענ פונ ארבעטער־קלאס.

אָנ דעמ ווערט דער „פוטוריזמ״ איבערגעבוירנ, אונ אינ זײַנ היימלאנד האָט ער זיכ שוינ איבערגעבוירנ אינ איינער פונ די שטיצעס פונ פאשיזמ; די „סיורעאליסטנ״ אונ „עקספרעסיאָניסטנ״ שפילנ, מעגלעכ, אומבאוווסטזיניק פאר זיי, אפ דער האנט פונ די סאמע רעאקציאָנערע אנטפלעקונגענ פונ אלאָגיסטישנ דענקענ.

פונדעסטוועגנ, איז פאראנ אינ דער הײַנטצײַטיקער ווירקלעכקײַט אויכ צענדליקער הומאניסטנ, וועלכע לעבנ אופ די בעסטע טראדיציעס פונ דער פארגאנגענהײַט. זיי האָבנ פארהיט דעמ גלויבנ אונ די ליבע צו דער מענטשהײַט, זיי האָבנ ניט פארלאָרנ אפ איר די האָפענונגענ; זיי זײַנענ הומאניסטנ אונ פילאנטראָפנ. זיי פארשטייענ וואָס פאר א געפאר פאר דער מענטשהײַט עס זײַנענ די מילכאָמעס, אונ זיי פראָטעסטירנ קעגנ מילכאָמעס: זיי זײַנענ פאציפיסטנ אונ אנטימיליטאריסטנ. זיי זעענ פונ וואנענ עס גייט די געפאר פאר די ארבעטנדיקע מאסנ, פאר דער גאנצער מענטשהײַט, פאר דער גאנצער קולטור, אונ זיי פראָטעסטירנ קעגנ דער צעיושעטקײַט פונ די פאשיסטנ, זיי זײַנענ אנטיפאשיסטנ.

דער אלוועלטלעכער פראָלעטאריאט האלט טײַער אונ שעצט דעמ אָטריאד פונ די מײַסטערס אונ פונ קולטור. נאָר ער קענ ניט גיט זאָגנ זיי פאָלגנדיקעס:

איר האָט ליב די מענטשהײַט, נאָר די מענטשהײַט איז ניט איינהײַטלעכ, דער קלאסנקאמפ צערײַסט זי אונ דעמדאָזיקנ קלאסנקאמפ קענענ ניט פרידלעכ מאכנ קיינשומ זיסטע קלאנגענ פונ די הײַנטצײַטיקע סירענעס. אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט קאָנ מענ ניט ליב האָבנ דעמ מענטשנ איבערקלאסנדיק, דעמ „מענטש ביכלאל״. מיר זײַנענ צוזאמענ מיט אײַכ פארנ הומאניזמ, נאָר מיר זײַנענ פארנ גרויסנ פראָלעטארישנ הומאניזמ; מיר זײַנענ צוזאמענ מיט אײַכ פאר מענטשנ־ליבשאפט, נאָר פאר יענער פראָלעטארישער ליבע צומ מענטשנ פונ ארבעט, וואָס האָבנ אונדז געלערנט אונ לערנענ אונדז מארקס, לענינ אונ סטאלינ.

איר פארהאסט די מילכאָמע אונ דעמ מיליטאריזמ. אָבער קעדיי צו מאכנ אײַער וועלטליבשאפט, כאָטש אפ וויפל ניט איז עפעקטיוו, דארפ מענ קעמפנ ניט בלויז קעגנ מילכאָמע נאָר אויכ קעגנ די קוואלנ, וואָס געבוירנ זי. די הײַנטצײַטיקע מילכאָמע איז א לײַבלעכע טאָכטער פונ קאפיטאליזמ אונ איר גערעכעניש — דעמ אימפעריאליזמ. מיר זײַנענ אויכ קעגנער פונ מילכאָמע, נאָר מיר זײַנענ קעגנ די ווירקלעכע סיבעס אונ נעסטנ פונ מילכאָמע.

איר פארהאסט דעם פאשיזם, נאָר דער פאשיזם וועט זיך האלטן אויך טראָץ דעם פארנונפטיקן פארורטיילן און טראָץ די ווערבאלע פראָטעסטן. מע דארף פארשטיין, אז דער פאשיזם איז אן אָפן־טעראָריסטישע דיקטאטור פון דער הײַנטצײַטיקער בורזשואזיע און מאכן פון דעם אלע אויספירן, און דער ערשטער אויספיר דארף זײַן אזא: מע דארף אופנעמען די האנט, וואָס עס ציט אויס צו איַך דער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־קלאס, און צוזאמען מיט אים קעמפן פאר א נײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, פאר פארהיטן אלץ וואָס איז ווערטפול אין דער אלטער קולטור, און פאר א נײַער קולטור.

די בורזשואזיע האָט פארלאָרן די רעכט אף דער קולטור־יערושע. זי האָט זיך ארויסגעוויזן אלס אזא, וואָס איז איר ניט ווערט. דער איינציקער יורעש אירער, לויט די רעכט פון דער געשיכטע, איז דער שעפער פון דער נײַער קולטור—דער ארבעטער־קלאס.

דער ארבעטער קלאס איז דער באגרעבער פון דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. נאָך אין 1847 י. האָט קארל מארקס געזאָגט: „די קאָמוניסטישע רעוואָליוציע—דאָס איז דער סאמע אנטשיידענער פאנאנדעריַיס מיט די געיארשנטע פון דער פארגאנגענהײַט באזיצנדיקע באציִונגען; עס איז ניט קיין וונדער, וואָס אין גאנג פון דער אנטוויקלונג קומט פאָר דער סאמע אנטשיידענער פאנאנדערײַס מיט די געיארשנטע פון דער פארגאנגענהײַט אידייען".

נאָר דערדאָזיקער פאנאנדערײַס מיט דער אידיי און סיסטעם פון פריוואט־אייגנטום אף די מיטלען און געווער פון דער פראָדוקציע, דער פאנאנדערײַס מיט דער אידיי און סיסטעם פון עקספלואטאציע פון א מענטשן איבער א מענטשן האָט קיין שום געמיינזאמעס ניט מיטן קליינבירגערלעך־אנארכיסטישן ניהיליזם אין די פראגן פון קולטור.

דער פראָלעטאריאט טרעט ארויס קעגן דער עפיגאניזירנדיקער געצנ־דינערשאפט צו דער קולטור, נאָר ער דערווידערט אנטשיידן אויך קעגן דעם אלגעמיינעם אוועקמאכן זי מיט דער האנט. דער הײַנטצײַטיקער ארבעטער־קלאס איז ניט קיין „היילער מענטש אף דער היילער ערד" און די סאמע רעוואָליוציאָנערע טעאָריע פון פראָלעטאריאט,—דער מארקסיזם,—האָט זיך געשפײַזט, ווי עס איז באוווסט, מיטן בעסטן פון דעם, וואָס איז געווען אין אירע דרײַ קוואלן—דער ענגלישער פאָליטישער עקאָנאָמיע, דער קלאסישער דײַטשישער פילאָסאָפיע און דעם פראנצויזישן סאָציאליזם. לענין און סטאלין האָבן באריַיכערט דידאָזיקע טעאָריע. און ניט צופעליק האָט סטאלין גערעדט וועגן אמעריקאנער זאכלעכקײַט און דעם רוסישן רעוואָליוציאָנערן פארנעם.

דער פראָלעטאריאט פארשטייט, אז בויען די נײַע געזעלשאפט, און דאָס הייסט אויך די נײַע קולטור, קומט אויס פון יענע ציגל, וועלכע זײַנען געווען אין דער אלטער געזעלשאפט. „אָן דער יערושע פון דער קאפיטאליסטישער קולטור,—זאָגט לענין,—וועלן מיר ניט אויסבויען דעם סאָציאליזם". „מע דארף נעמען די גאנצע וויסנשאפט, טעכניק, אלע קענטעניש, די קונסט. אָן דעם וועלן מיר ניט קאָנען אויסבויען די קאָמוניסטישע געזעלשאפט".

די אלטע קולטור איז נייטיק דעם פראָלעטאריאט ניט קעדיי צו פארהיטן זי אומבארירט, אָדער קעדיי קנעכטיש בוקן זיך פאר איר; זי איז נייטיק אף אויסבויען די נײַע קולטור, די סאָציאליסטישע. נאָר צוליב דערדאָזיקער אלוועלטלעכער־היסטאָרישער זאך, וואָס איז פאר די קויכעס בלויז פון פראָלעטאריאט, איז נייטיק קענען די קולטור פון די פארגאנגענע עפּאָכעס, די קולטור פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און אפילע געזעלשאפטן,

וואָס זײַנענ געווענ פאר איר. וועגנ דעמ האָט קעסיידער דערמאָנט לענינ: „די פראָלעטארישע קולטור דארפ מיט זיכ פאָרשטעלנ א געזעצמעסיקע אנטוויקלונג פונ די זאפאסנ וויסנ, וועלכע די מענטשהײַט האָט אויסגעארבעט אונטערנ יאָכ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, פונ דער פריצישער געזעלשאפט, פונ דער טשינאָווניקעס־געזעלשאפט“.

פונדעסטוועגנ, גייט בא לענינענ א רייד וועגנ קריטישנ באהערשנ די קולטור־יערושע אונ וועגנ איבערארבעטנ זי פונ דעמ שטאנדפונקט פונ רעוואָליוציאָנערנ ארבעטער־קלאס. עס גייט א רייד וועגנ יארשענענ דאָס בעסטע אונ דאָס ווערטפולסטע פונ דעמ, וואָס עס איז געשאפנ געוואָרנ פונ די מײַסטערס פונ קולטור. דעריבער איז דאָס באהערשנ די קולטור־יערושע ניט קיינ פאסיווער פראָצעס פונ אײַנזאפנ דורכנ ארבעטער־קלאס אלצ, וואָס וואלגערט זיכ ארומ אפ זײַנע פלייצעס. פארקערט, דאָס איז אנ אקטיווער, שעפערישער פראָצעס, וואָס האָט אינ זינענ א באשטימטע אָפרייניקונג פונ דעמ גאנצנ קולטור־שיכט, וועלכער איז אָנגעזאמלט געוואָרנ דורכ דער מענטשהײַט, מיטנ ציל צו פארהיטנ דאָס בעסטע אונ דאָס ווערטפולסטע, אגעוו, אויכ אינ די אינטערעסנ פונ דער קולטור־יערושע גופע, קעדיי זי זאָל קאָנענ אפ אנ עמעסנ גלאנצנ מיט אירע אומוועלקבארע בלומענ, מיטנ ציל, ווײַטער, צו אופהייבנ זי אפ דער העכסטער שטופע.

דאָס ווערטפולסטע אונ בעסטע אינ דער וועלט־ליטעראטור איז אויכ דאָס וועזנטלעכע אינ איר. „אויב פאר אונדז איז,—זאָגט לענינ וועגנ טאָלסטאָיענ,—א ווירקלעכ גרויסער קינסטלער, איז אייניקע כאָטש פונ די וועזנטלעכע שטריכנ פונ דער רעוואָליוציע האָט ער געדארפט אָפשפיגלענ אינ זײַנע ווערק“. אינ דער קלאסעווער בורזשואזער געזעלשאפט פארדינענ יענע שרײַבער דעמ נאָמענ גרויסע, וועלכע האָבנ מיט דער גרעסטער מײַסטערשאפט אונ דער גרעסטער אדעקוואטקײַט אָפגעשפיגלט אלע ניט לייזבארע ווידערשפרוכנ פונ דערדאָזיקער געזעלשאפט, ניט אראָפלאָזנדיק זיכ צו איר אפאָלאָגעטיק; יענע שרײַבער זײַנענ געווענ קריטישע רעאליסטנ.

די ווערק פונ אזעלכע שרײַבער ווערנ אונטערגעוואָרפנ דער פראקטישער פראָבע פונ צײַט, נאָר די פראָבע פונ צײַט מיינט די אָנוועזנהײַט פונ די ווײַטערדיקע דוירעס לייענער, אונ די דאָזיקע לעצטע זײַנענ די פאָרשטייער פונ באשטימטע געזעלשאפטלעכע קלאסנ. אונ אָט, דער הײַנטצײַטיקער ארבעטער־קלאס, פארווירקלעכנדיק זײַנ גערעכט איבער דער קולטור־יערושע, שטענדיק אָפהיטנדיק די געהעריקע היסטאָריש־ליטערארישע פערספעקטיוו אונ ניט פאָדערנדיק פונ די מײַסטערס פונ דער פארגאנגענהײַט דאָס, וואָס זיי האָבנ אָביעקטיוו־היסטאָריש ניט געקאָנט געבנ, קאָנ ער אָבער ניט ניט שטעלנ די פראגע וועגנ דעמ, וואָס פאר א טענדענצ האָט אויסגעדריקט אינ זײַנ צײַט די אָדער יענע קינסטלערישע ווערק.

פונעמ שטאנדפונקט פונ אזעלכע אײַנשטעלונגענ זײַנענ ניט פונ דעמ זעלבנ ווערט וואָלטער אונ פאליסאָ, באלזאק אונ פאָל־דע־קאָק, מאָפאסאנ אונ זשיפ, גאָגאָל אונ פאָלעוואָי, אונ דער ארבעטער־קלאס גיט אָפ יעדערנ פונ זיי א באזונדער אנטשפרעכנדיקנ אָרט אינ דער קולטור־יערושע, פונ דעמדאָזיקנ שטאנדפונקט זײַנענ ניט פונ דעמזעלבנ ווערט דער געטע פונ „פאוסט“ אונ דער געטע פונ „גערמאנ אונ דאָראטייע“, דער גאָגאָל פונ „רעוויזאָר“ אונ „טויטע נעשאָמעס“ אונ דער גאָגאָל פונ „בריוו־וועקסל מיט די פרײַנט“, ל. טאָלסטאָי—דער אווטער „פונ מילכאָמע אונ שאָלעמ“ אונ ל. טאָלסטאָי דער אווטער פונ די „פיר יעוואנגעליעס“, כאָטש אינ יעדערנ פונ זיי זײַנענ פאראנ שטריכנ, וואָס זײַנענ ניט אָנעמבאר פארנ געדאנק אונ טאט פונ ארבעטער־קלאס.

אָפּשאצנדיק די ליטעראטור־ירושע און אָפּהיטנדיק דערבײַ די שטרענגסטע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו, קענען מיר ניט אָפּוועגן זיכ פונ דער פראגע וועגנ דעמ, צי האָט זיכ אָרײַענ־טירט די געגעבענע ווערק, אָדער דער געגעבענער שרײַבער אפ דער צוקונפט, אָדער אפ דער פארגאנגענהײַט. די בעסטע און די אמערסטנ ווערטפולסטע פאר אונדז זײַנען יענע ווערק, וועלכע האָבנ אויכ אינ די באדינגונגענ פונ זייער צײַט אמערסטנ אדעקוואט אָפּ־געשפּיגלט די ווירקלעכקײַט מיט אלע אומקאָמפּראָמיסלעכע פאר דער קלאסנ־געזעלשאפט ווידערשפּרוכנ, האָבנ אָביעקטיוו זיכ אָרײַענטירט אפ דער צוקונפט. דערבײַ זײַנען מיר פעסט איבערצײַגט, אז אוואדע ניט גראָדליניק און ניט אָנ קאמפּ, נאָר „אלע די דאָ־זיקע וועגנ און שטעגלעכ האָבנ געפירט און זיי פירנ צו דער פּראָלעטארישער קולטור״ (וו. לענינ) און אינ געביט פונ קונסט און ליטעראטור—צומ סאָציאַליס־טישנ ראעליזמ.

בא אזעלכע אײַנשטעלונגענ איז די אבסאָליוטע דערווײַטערונג פונ אונדז אינ צײַט פונ דעמ אָדער יענעמ ליטעראַרישנ ווערק האָט ניט קיינ באדײַטונג. אווינע עפּאָפּייענ פונ דער אנטישער קונסט, ווי „איליאדע״ און „אדיסייע״ זײַנען ווירקלעכ־אייביקע שע־דעווערנ, וועלכע גייענ ארײַנ אינ דעמ גאָלדענעמ פאָנד פונ דער קולטור־ירושע פונ ארבע־טער־קלאס. און ניט צופעליק, וואָס בלויז אינ מעשעכ פונ דעמ ערשטנ האלביאָר 1935 איז אינ פּססר דערשינענ די „איליאדע״ אינ צוויי איבערזעצונגענ מיט אנ אלגעמיינעמ טיראזש פונ 20 טויזנט עקזעמפּליארנ.

פונ די ליטעראטורנ פונ דער מונדלעכער שאפונג אינ די ווײַטע עפּאָכנ קומענ אופ פאר אונדז די אמערסטנ בוילעטע און טיפע, קינסטלעריש־פארפולקאָמטע טיפּנ פונ העלדנ, וועלכע זײַנען געשאפנ דורכ דער מײַסטערשאפט פונ דעמ ארבעטנדיקנ פאָלק. לויט דער טרעפלעכער אָנווײַזונג פונ מ. גאָרקי קאָנ מענ דערקאָנענ די „נעשאָמע פונ פאָלק״ בלויז דורכנ דערלערנענ פאָלקלאָר, און אינגאנצנ ניט דורכ רעליגיע. פונ דער קולטור פונ דעמ איי־אָפּייִשנ פעאָדאליזמ וועט דער ארבעטער־קלאס נעמענ ניט די קולטור פונ די הערשנדיקע קלאסנ, ניט די ליטעראטור פונ די קלויסטער־דינער און ריטער, וועלכע ער גיט גערנ אָפּ די פאשיסטנ, נאָר די שאפונג פונ די ארבעטנדיקע פאָלק־מאסנ. אונטער דער אומצווייפלהאפטער ווירקונג פונ דער דאָזיקער פאָלק־שאפונג זײַנען געשאפנ געוואָרנ אזוינע געניאַלע ווערק ווי „גארגאנטיוא און פאנטאגריועל״ אינ 16־טנ יאָרהונדערט, מיונכאוזענ אינ 18־טנ יאָרהונדערט, געטעס „פאוסט״ און „פּראָמעטיי״ אינ 18־טנ און אָנהייב 19־טנ יאָרהונדערטנ, די מײַסעלעכ פונ פּושקינענ אינ 19־טנ יאָרהונדערט.

דאָס זאָגט ניט, אז אינ אונדזער צײַט דארפ געגעבנ ווערנ דער לאָזונג צו קאָפּירנ די דאָזיקע פאָלק־שאפונג. פונדעסטוועגנ, קאָנ דער ארבעטער־קלאס אויסקלײַבנ די אופּ־גאבע צו געבנ א מינ סינטעז פונ דעמ עפּאָס (אָנפּערזאָניקנ אינ זײַנ היסטאָרישנ כאראק־טער) און דעמ זשאנר מיט אנ אנטוויקלטער אינדיווידואליזאציע, ווײַל די זאכ פונ פּראָ־לעטאריאט איז א ווירקלעכ גראנדיעזע עפּאָפּייע, וואָס ווערט געשאפנ דורכ קאָנקרעטע פּערזענלעכקײַטנ.

דער ארבעטער־קלאס קענ אינ אָרדענונג פונ קריטישנ באהערשנ נעמענ פיל פונ דער ליטע־ראטור פונ יענעמ פּעריאָד, ווענ די בורזשואזיע האָט זיכ אָריענטירט אינ איר באוועגונג אפ דער צוקונפט; אינעמ דאָזיקנ פּעריאָד פונ איר רעוואָלוציאָנערער אנטוויקלונג זײַנען דאָס געשאפנ געוואָרנ די אמערסטנ ווערטפולע און בעסטע ווערק פונ דער בורזשו־אזער ליטעראטור. נאָכ דעמ ווי די בורזשואזיע איז געוואָרנ אינ דער קאפּיטאליסטישער

געזעלשאפט א הערשנדיסער קלאס, האָט זי שוינ קיינמאָל ניט אופגעהויבנ זיכ אינ דעמ קינסטלערישנ שאפנ אפ דער פריערדיקער הויכ. פונ דעמ דאָזיקנ פעריאָד װעלנ אינ דער קולטור־יערושע פונעמ ארבעטער־קלאס אינ גרונט אריבערגיינ די װערק, װאָס זײַנענ אָפּגעצייכנט אלס קריטישער רעאליזמ.

עס איז קלאָר, אז א באזונדער אופמערקזאמקײַט װענדעט אָנ בא דעמ דער ארבעטער־קלאס אפ די עמבריאָנענ פונ דער רעװאָליוציאָנער־דעמאָקראטישער ליטעראטור, זעענדיק אינ איר די אמערסטנ שארפע קינסטלערישע קריטיק פונ דער בורזשואזער געזעלשאפט, אנ אומיטלבארע פאָרשטופע צו דער ליטעראטור פונ פראָלעטאריאט.

עס איז אָנ צװייפל, אז גראָד אינ פסטר, װוּ בא דער מאכט שטייט דער פראָלעטאריאט, עקזיסטירט אנ אמערסטנ „פראקטישע“ אונ אמערסטנ „אקטיװע“ באציִונג צו דער קלאסישער אונ גרויסער ליטעראטור פונ דער פארגאנגענהײַט. די ארבעטנדיקע מאסנ לייענענ די דאָזיקע ליטעראטור מערער װי אינ װעלכנ עס איז אנדערנ לאנד. װעגנ א אינטערעס צו דער דאָזיקער ליטעראטור, װעגנ דער נאָכפראגע אפ איר בא די ברייטע לייענער־מאסנ קאָנענ געבנ א געװיסע פאָרשטעלונג די יערלעכע 200 טויזנטדיקע טיראזשנ פונ די אויסגאבעס פונ דער „פראָזע“ אונ „פאָעזיע“ פונ פושקינענ, די 100 טויזנטדיקע טיראזשנ פונ די אויסגאבעס פונ די װערק פונ לערמאָנטאָװנ, סאלטיקאָװ־שטשעדרינענ, ניעקראסאָװנ, ליעװ טאָלסטאָיענ, קאָראָלענקאָנ, די 75־טויזנדיקע אויסגאבעס פונ גאָגאָלנ, טורגעניעװנ, טשעכאָװנ, די 50־טויזנטדיקע—פונ באלזאקנ, הוגאָנ, סטענדאלנ, שעװטשענקאָנ; א באזונדער אופמערקזאמקײַט פארדינט די פראקטיק פונ ארויסגעבנ אינ פסטר א ספעציעלע ביכער־סעריע פאר דעמ „אָנפאנגער־לייענער“, ד. ה., פאר אָט די, װעלכע האָבנ נאָכ ניט לאנג ליקװידירט זייער אנאלפאבעטיזמ; אינ דער דאָזיקער סעריע, װעלכע װערט ארויסגעגעבנ אינ א 100־טויזנטדיקנ טיראזש פונ יעדנ בוכ, גייענ ארײַנ, אויסער די װערק פונ די רוסישע קלאסיקער, די בעסטע זאכנ פונ מערימע, פלאָבערנ, מארק טװענענ, מאָפּאסאנענ א. אנד.

ריידנדיק מער פינקטלעכ, קאָנענ אָט די טיראזשנ, אייגנטלעכ, ניט געבנ קיינ פאָרשטעלונג װעגנ דעמ אינטערעס צו די װערק פונ די קלאסיקער, צוליב דער פּאָשעטער סיבע, װאָס זיי זײַנענ אויסערסט קליינ אונ באפרידיקנ װײַט ניט די נאָכפראגע פונ די לייענער. אינ די ארבעטער־ביבליאָטעקנ זײַנענ אײַנגעשטעלט לאנגע רייענ אפ לייענענ די װערק פונ דער קלאסישער ליטעראטור. די אויסגאבע פונ אלע װערק פונ פושקינענ אינ 6 בענדער איז שוינ 3 יאָר נאָכאנאנד איבערגעכאזערט געװאָרנ אינ א טיראזש פונ 30 טויזנט עקז. אונ שטויסט זיכ אָנ אפ א נאָכפראגע בלויז לויט דער אבאָנירונג (ד. ה. אָנעמ פארקויפ אינ מאגאזינענ) אינ 300 טויזנט עקז. די מעלוכע איז דערװײַל ניט אומשטאנד צו געבנ אזויפיל פאפיר װיפל עס איז נייטיק אפ ארויסגעבנ די קלאסישע ליטעראטור.

קריטיש באהערשנדיק די קולטור פונ דער פארגאנגענהײַט, באגרענעצט זיכ ניט דער פראָלעטאריאט אװאדע בלויז אינ געביט פונ ליטעראטור. די דערפארונג אונ די פראקטיק פונ דער קולטור־ארבעט אינ פסטר זאָגט איידעס װעגנ דער אומגעװיינלעכער לויטנ פארנעמ נאָכפראגע פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אפנ געביט פונ דער אָנשוילעכער קונסט, פונ טעאטער, מוזיק א. אנד. די קינסטלערישע מוזייענ, װאָס זײַנענ אָפנ באטאָג אונ אינאָװנט, ברעכנ זיכ בוכשטעבלעכ פונ די באזוכער, אונ ניט זעלטנ זײַנענ באמ ארײַנגאנג אינ די מוזייענ רייענ, װײַל די זאלנ קאָנענ ניט ארײַנעמענ איינצײַטיק אזויפיל באזוכער.

אינעם סעזאָנ 1934—1935 איז דער רעפּערטואַר פונ די מאָסקווער טעאַטערנ אפ 50 פּראָצ. באַשטאַנענ פונ די קלאַסישע פּיעסנ: שעקספּיר, שילער, גאָגאָל, אָסטראָווסקי, טשעכאָוו גײענ ניט אראָפּ פונעמ רעפּערטואַר פונ די הויפּט־שטאָטישע אונ געגנטלעכע טעאַטערנ; די קלאַסישע פּיעסנ האָבנ א באַזונדער פּאָפּולאַריטעט אינ די אַרבעטערישע אונ קאָלווירטישע טעאַטערנ.

אינ דער פּראַקטיק פונ דער ראַדיאָ־איבערגעבונג אינ פּסםר איז אָנגענומענ דאָס אויספּילנ קאָנצערטנ לויט די דירעקטע באַשטעלונגענ פונ די אַרבעטער, פונ די באַזונדערע גרויסע זאַוואָדנ, קאָלווירטנ, רויטאַרמײיִשע טײלנ. גאָר אָפט באַגעגענענ מיר אינ די פּראָגראַמענ די נעמענ פונ מאָצאַרטנ, בעטכאָווענענ, שאָפּענענ, טשײַקאָווסקענ, מוסאָרגסקענ.

אזוי האָט זיכ אפ דער פּראַקטיק באַשטעטיקט דער פּראָגנאָז, אונ צוזאַמענ מיט דעמ אויכ די אָנווײַזונג פונ לענינענ וועגנ דער נײטיקײַט צו דעראָבערנ די פּאָליטישע באַדינגונגענ פאַר דעמ, קעדײ די מאַסנ זאָלנ אָנהויבנ לײענענ אונ זאָלנ אָפּשאַצנ די קלאַסישע ליטעראַטור.

פונ דער אַנדערער זײַט, איז אויכ אינ די אויסגעפּאָרמירטע ערשטע קאָנטורנ פונ דער יונגער סאָוועטישער ליטעראַטור טוט שוינ די קלאַסישע ירושע אויכ איר אַרבעט. מיר האָבנ דאָ אינ זינענ די אידײיִשע טיפּקײַט פונ די קלאַסיקער פונ דער ליטעראַטור, זײער לעבעדיקער אונווירקלעכער (שעקספּירישער!) רעאַליזמ, זײער ראָמאַנטישע, ניט אָפּגעריסנ פונ דער ווירקלעכקײַט, קינסטלערישע היפּערטראָפּיע פונ די בילדער, די מײַסטערשאַפט פונ זײער שפּראַכ־קונסט, פּאַבולע, סוזשעט, זײער קינסטלעריש־אויסגעדריקטע טענדענציעזקײַט, וואָס איז אָריִענטירט אפ דער צוקונפט; צומ סאָפ, די פּאָטענציעלע אַקטיווקײַט, ווײַל די פּאַסיווע ראָל ווידערשפּרעכט דער קונסט אונ זי איז היִנטערשטעליק פונ איר.

דאָס באַוווסטזיניקע קריטישע באַהערשנ די ליטעראַטור־ירושע קאָנ געבנ אונ גיט דעמ אַרבעטער־קלאַס צוגאָב־קויכעס, א צוגאָבלעכע אידײיִשע אונ עמאָציִאָנעלע אָנלאָדונג. דאָס איז אויסגעצײכנט אויסגעדריקט דורכ לענינענ נאָכ אינעמ יאָר פונעמ טויט פונ ליעוו טאָלסטאָיענ; „אינ זײַנ ירושע,—האָט געשריבנ לענינ,—איז פאַראַנ דאָס, וואָס עס איז נאָכ ניט אוועק אינ דער פאַרגאַנגענהײַט, וואָס געהערט צו דער צוקונפט. דידאָזיקע ירושע נעמט, אונ איבער דערדאָזיקער ירושע אַרבעט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט. ער וועט דערקלערנ די מאַסנ די טאָלסטאָיִשע קריטיק פונ קאַפּיטאַליזמ, קעדײ זײ זאָלנ זיכ אויסלערנענ... פאַרײניקנ אינ אנ אײנהײַטלעכער מיליאָניקער אַרמײ פונ סאָציִאַליסטישע קעמפער, וועלכע וועלנ אראָפּוואַרפנ דעמ קאַפּיטאַליזמ אונ וועלנ שאַפנ די נײַע געזעלשאַפט אָנ דער אָרעמקײַט פונ פאָלק, אָנ דער עקספּלואַטאַציע פונ דעמ מענטשנ איבערנ מענטשנ".

אינ דידאָזיקע ווערטער ווערט געשטעלט די ליטעראַטור־ירושע אפילע פונ אזא „קעגנער פונ גוואַלדטאַט קעגנ שלעכטס", ווי עס איז געווענ ליעוו טאָלסטאָי, צו דינסט דער רעוואָליוציע. אונ אינ דעמ איז די סאַמע בעקאָוועדיקסטע אונ די אמערסטנ אַקטיווע סאָציִאַלע אויפגאַבע, סײַ פונ דער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור, אזוי אויכ פונעמ באַהערשנ די ליטעראַרישע ירושע.

דער הײַנטצײַטיקער אַרבעטער־קלאַס, ניט נאָר וואָס ער זאָגט זיכ ניט אָפּ פונ אלעמ בעסטנ אונ ווערטפולסטנ, וואָס איז פאַראַנ אינ דער קולטור־ירושע פונ די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטנ, נאָכ אויכ זײַענדיק זײַנ געזעצלעכער פּאָרזעצער, איז ער גרײט צו קעמפנ פאַר איר קעגנ די אלע, ווער עס וועט שטערנ איר אריבערגײנ צו דעמדאָזיקנ יורש.

דער ארבעטער־קלאס וועט אָפּנעמענ די קולטור־יערושע בא די פאשיסטישע פארכאפער, ווי מע נעמט אָפּ דאָס ארבעטנדיקע גוטס בא די רויבער אָדער בא די סאָציאַל־שעדלעכע כוליגאנעס, וועלכע ווילנ אינ זייער געראסטראאטישער צעיושעטקײַט פארברענענ זי אפ די שײַטערס.

דער ארבעטער־קלאס וועט רויִק נעמענ די קולטור־יערושע פונ די הענט פונ די עקלעקטישע קויהאנימ פונ „רײנער קונסט“ אונ פונ די בורזשואזע עפיגאָנענ, וועלכע זײַנענ ניט פײיִק ניט אָפּשאצנ זי, ניט ווענדנ זי אינ טאט, ווײַל זיי שלאָפנ אפ איר.

דער ארבעטער־קלאס וועט ניט צולאָזנ צו דער קולטור־יערושע די צעיושעטע קליינבירגערלעכע ניהיליסטנ אונ „פארשווערכער“ פונ דער קולטור, ווי מענ לאָזט ניט צו צו טײַערע אונ זעלטענע קונסט־ווערק קיינ צעלאָזנע קינדער.

אונ דער ארבעטער־קלאס לאדט כאווריש אײַנ צו זיכ די הײַנטיקע הומאניסטנ, וועלכע לײַדנ פונ די פאשיסטישע זדיעקעס איבער דער קולטור, ער וועט פאָרלייגנ דידאָזיקע ערלעכע מײַסטערס טײלנ מיט אימ די גרויסע קולטור־יערושע אונ אונטער זײַנ אָנפירונג אומופהערלעכ בארײַכערנ זי ווײַטער. אזוי וועט זי אריבערגיינ אינ די זיכערסטע, ווירדיקע אונ דאנקבארע הענט—אינ די הענט פונ פראָלעטאריאט, וועלכער פארווירקלעכט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע.

מ. קאָלצאָוו

# צום שוץ פון דער קולטור

## באריכט־פאָרטראג פונעם שרײַבער־קאָנגרעס געהאלטן אפ דער פארזאמלונג פון אקטיוו סאָוו. שרײַבער אין מאָסקווע

אסאך גאנגבארע שפּריכווערטער און אויסדרוקן זײַנען בלויז דאן גוט, ווען זייער פּינקטלעכקײַט איז דורכגעקאָנטראָלירט געוואָרן אין דער פּראקטיק. ס'איז פאראן אן אויס־דרוק: „א פּרווו מיט נישטיקע מיטלען". מע פארשטייט מיט דעם, אז אזא פּרווו איז שוין פון פריִער פארורטיילט אפ דורכפאלן. ווען א קליינע גרופּע פראנצויזישע שרײַבער האָט באשלאָסן צונויפצורופן אן אינטערנאציאָנאלן ליטעראטור־קאָנגרעס, איז שווער געווען די מיטלען און מעגלעכקײַטן, וועלכע זי האָט פארמאָגט, צו האלטן פאר גענוגנדיקע און גוטע. איר ווייסט אָבער מיט וואָס דערדאָזיקער פּרווו האָט זיך געענדיקט און אין וואָס ער האָט זיך אויסגעגאָסן.

פאר די מענטשן, וואָס וווינען און ארבעטן אין סאָוועטנפארבאנד וואָלט דאָס בילד פון צוגרייטן דעם קאָנגרעס, קימאט ביזן מאָמענט, ווען ער האָט זיך געעפנט, אויסגעוויזן זייער מאָדנע. א האלב פינצטער ווינקעלע אין א קאפע—און בא א טישל שמועסן הייס 3—4 מענטשן; אויב די זיצונג האָט זיך פאנאנדערגעוואָקסן—ווערן אָקופּירט נאָך צוויי שכיינעסדיקע טישלעך און אפ זיי, אנשטאָט קאנצעליארישן אינווענטאר—צוויי גלעזער קאָפע (צוואנג—אסאָרטימענט). אָדער א באשיידענע דירע פון א פאריזשער ליטעראט, ניט א דירע, נאָר א דירעלע, ענג ארומגעשטעלט מיט קופערטן, ווי בא זשאן רישאר בלאָקן. אָדער מאלראָס באשיידן רעדאקטער־צימערל, וווהין עס פלעגן זיך מיט מאטערניש ארײַנ־שפּארן עטלעכע באזונדער. אָדער בא ליוק דארטענען—א דאָקטער־קאבינעט מיט בינטן, מעסערס און שרעקלעכע אפּצווענגעס, ווײַל אפילע דערדאָזיקער גאָר גרויסער פראנצויזישער שרײַבער מיט א וועלט־נאָמען קאָן זיך ניט אויסהאלטן מיט זײַן ליטעראַרישער ארבעט און איז געצוווּנגען פון אכט ביז דרײַ צונעמען פּאציענטן, אלס דאָקטער פון אויער־און האלדז־קראנקהײַטן. דאָ, אין פּרעכטיקן הויז, וועלכן גראף אַלסופּיעוו האָט אונדז איבערגע־געבן בא א באשטימטער פארמיטלערײַ פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, זעען אויס קאָמיש די פיל שווערקײַטן און זאָרגן, וואָס האָבן געדריקט אפ די גרעסטע שרײַבער, ווען זיי האָבן פארטראכט צונויפקלײַבן זיך אפ א קאָנגרעס. די זאָרג איז געווען וועגן א זאל פאר די פארזאמלונגען—א זאל האָט מען געדונגען אפן ערנוואָרט מיט דער האָפענונג, אז דאָס פּובליקום וועט דעקן די אויסגאבן. צי וועט עס דעקן? צי וועט עס קומען דאָס דאָזיקע קאפּריזע פאריזשער פּובליקום זומער, אין דער היץ אפ אן ערנסט: אינטעליגענטישן קאָנגרעס? ניט נאָר א זאל, פּאָסט־מארקעס זײַנען פאר אונדז געווען א גרויסע פּראָבלעם. און וועגן די הויצאָעס אפ צושיקן א טעלעגראמע האָט מען יעדן מאָל ספּעציעל באהאנדלט אפ א זיצונג פון סעקרעטאריאט. א גאנצע רײ אָנגעזעענע שרײַבער אין א רײ לענדער

שטרעבנדיק אָנטייל צו נעמען אין קאָנגרעס, האָבן ניט געקאָנט פאָרן אין פּאַריז צוליב איין פּאַשעטער סיבע—ס'איז ניט געווען קיין געלט אפ פאָרן.

אויב מע זאָל ריידן וועגן דער הילף פון דער פּרעסע ביזן קאָנגרעס, איז זי אינגאנצן ניט געווען. קיין איין צײַטונג, אײַנשליסנדיק אויך די לינק־בורזשואזע, האָט ניט געוואָלט דרוקן קיין אינפאָרמאציעס. דאָס איז געווען אפילע וווּנדערבאַר: א גאנצע ריי באַוווּסטע שרײַבער; יעדערער פון זיי דרוקט זיך און איז פאַרבונדן מיט א וועלכער ניט איז צײַטונג אָדער זשורנאַל, ווערט פון זיי געשיצט, אָבער ווען די דאָזיקע שרײַבער האָבן באַשלאָסן פאַרייניקן זיך און אפ א באַשטימטן אויפן פאַרשטענדיקן זייערע שטאַנדפּונקטן—האָבן זייערע צײַטונגען דערקלערט א העפלעכן אָבער א פעסטן בויקאָט דעמדאָזיקן אויפטו. די זאַך איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מיר האָבן געפּרוּווט דורכשמוגלען אַן אינפאָרמאציע וועגן קאָנגרעס אין דער צײַטונג דורך דער רובריק פון שוישפּיל און פאַרווײַלונגען. צווישן די נאָטיצן וועגן פערד־פאַרמעסטונגען אין לאָנשאַן און וועגן א קאָנקורס אפ א דאַמישן באָדקאָסטיום האָבן מיר געפּרוּווט דורכשמוגלען פיר שורעלעך וועגן א העכסט־אינטערעסאַנטן קאָנגרעס, וווּ עס וועלן אַרויסטרעטן באַרימטע ליטעראַטן (געלעכטער). אָבער אויך דער דאָזיקער מאַניעוור איז אויפגעדעקט געוואָרן. די נאָטיץ איז ניט דורכגעגאַנגען.

פיל גרעסערע איידער די מאַטעריעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע שטערונגען און פיל ערנסטערע זײַנען אין דער צוגרייטונג פון קאָנגרעס געווען די אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע שוועריקײַטן. אָט דאָס האָט גלענצנדיק אויסגעדריקט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש אין זײַן אַרטיקל „וועגן קולטורן", וואָס שטעלט מיט זיך פאָר זײַנעם א בריוו צו די שרײַבער, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פּאַריז. און בעעמעס וועגן פאַרטיידיקן וועלכע, וועמעס קולטור האָט מען געהאַט צו ריידן אפן קאָנגרעס? און קעגן וועמען פאַרטיידיקן זי, און ווער? דער פאַשיזם, דאָסדאָזיקע לעצטע מאַפּל־קינד פון דער קראַנקער בורזשואזער קולטור, דידאָזיקע בלוטדורשטיקע קאַפּיטאַליסטישע פאַרזעעניש, ער איז דאָך אויך אַן אָביעקט פון עמעצנס זאָרגן, פון עמעצנס פאַרטיידיקונג. די אָרגאַניזאַטערס פון קאָנגרעס האָבן ניט געזוכט קיין איינאַרטיקײַט, אָבער זיי האָבן געשטרעבט צו איינהײַטלעכקײַט אינעם אַנטקעגנשטעלן דעם פאַשיזם און מילכאָמע דערווירקלעכער מענטשלעכער קולטור און ציוויליזאַציע, דער געיאַרשנטער און דער נײַער. דאָס איז געווען ניט לײַכט. אינעם קאָמפּליצירטן לאַבירינט פונעם אינטעלעקטועלן לעבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גייט דורך די גרענעץ־ליניע צווישן די צוויי לאַגערן, צוויי וועלט־אָנשויונגען, זייער געשלענגלט; צײַטנווײַז גייט זי אינגאַנצן פאַרלאָרן פאַר א ניט דערפאַרענעם אויג. פאָרזיכטיק, צומאָל אין דער פינצטער, טאַפּנדיק, קומט אויס צו זוכן אָנהענגער און מיטגייער. דאָ וואָלט מען געקאָנט לײַכט א טאָעס האָבן, פאַרעכענענדיק די פרעמדע פאַר אייגענע, אָדער אפילע בלײַבן אפ א פרעמדער טעריטאָריע אונטערן דאַך פון סוינע. צי דען שאַפט איצט ניט דער אולטראַ־געלערנטער גראַף קודענהאָווע־קאַלערגי א פילאָזאָף, אַן אַלטרויִסט און א פיבערהאַפטער פאַרטיידיקער פון פאַציפיזם, צי דען שאַפט ער איצט ניט אין ווין אַן „אַלוועלטלעכע ליטעראַטור־אַקאַדעמיע" מיט די סאַמע העכסט־פּאָעטישע און מענטשנליבנדיקע סעריעס. ער האָט אײַנגעלאַדן צו באַטייליקן זיך אין דער אַקאַדעמיע אפילע די דײַטשישע שרײַבער עמיגראַנטן, ווי טאָמאַס מאַן. אָבער קוקסטו זיך צו נעענטער—שטאַמט דידאָזיקע גאַנצע אונטערנעמונג פון העבעלסעס קאַנצעלאַריע.

אונטער די שניי־ווײַסע כיטאָנען פון פאַציפיסטישן גראַף איז באַהאַלטן די גראָבע אוניפאָרם פון א שטורמאָוויק, די איילבערט־צווײַג מאַסקירט דאָס שטאָלענע העקל פונעם

אײַנגעשטעלטנ ארמײַשנ מוסטער. אונ ווי וועט זיכ אופירנ טאָמאס מאנ? ניט וועלנדיק ענדגילטיק צערײַסנ מיט דעמדאָזיקנ וועלט־שרײַבער, האָט די מאכט פונ דער דריטער אימפעריע באשלאָסנ ארויסגעבנ זײַנע ביכער אינ דײַטשלאנד. פארוואָס זאָל טאָמאס מאנ ניט ארײַנטרעטנ אינ אזא נייטראלער אונ פרידלעכער „ליטעראטור-אקאדעמיע“! אָבער טאָמאס מאנ, א מענטש וואָס שטייט ווײַט פונ אונדז, איז—צוזאמענ מיט דעמ—אנ ערלעכער אונ פרינציפּיעלער מענטש. אונדזער קאָנגרעס האָט אימ געטראָפנ אינ אמעריקע. אונ טאקע דאָרטנ אינ אמעריקע האָט דערדאָזיקער שרײַבער, מיט וועלכנ עס האָט אזוי שטאָלצירט די דײַטשישע בורזשואזיע דערקלערט: „אויב עס וועט אויסקומענ אויסצוקלײַבנ צווישנ פאשיזמ אונ קאָמוניזמ, קלײַב איכ אויס דעמ קאָמוניזמ“.

מיר האָבנ איבערגעלעבט ניט ווייניק אזוינע אָנגענעמע אנטוישונגענ. א גאנצע ריי גרויסע שרײַבער, וועמעס פּאָזיציע אינ באצוג צומ פאשיזמ איז געווענ ניט גענוג קלאָר, אָדער אפילע צווייפלהאפט, איז ארויסגעטראָטנ אפנ קאָנגרעס מיט ווײַטגייענדיקע דערקלערונגענ, אָפנ פארעגיסטרירנדיק זיכ אינ לאגער פונ די אנטיפאשיסטישע קולטור־קרעפטנ. א קאָלאָסאלנ אײַנדרוק האָבנ געמאכט (אָפּווענדנדיק זיכ פונ אידעאליסטישע פארבלענדענישנ אונ פילאָזאָפישע פעלערנ) די ארויסטרעטונגענ פונ די ענגלענדער: פאָרסטער, העקסלי, פונ די דײַטשנ: פייכטוואנגער, פראנק, פונ די פראנצויזנ: בענדא, לענאָרמאנ, שאמסאָנ, פונ געוועזענעמ סיורעאליסט: טריסטאנ צאר, דעמ קאטוילישנ שרײַבער דעני־מאריאָנ. פונ דער צווייטער זײַט זײַנענ אייניקע אויכ אָפּגעגאנגענ פונ אונדז. דער טשעכישער דיכטער נעזוואל, באגײַסטערנדיק זיכ מיט די איבערסייכלדיקע דריידלעכ פונ דעמ שולכל פונ די סיררעאליסטנ, האָט זיכ אָנגעשלאָסנ צו ברעטאָנס באָהעמישער באנדע, וואָס שפּילט איצט באנאנד מיט די טראָצקיסטנ אונ מיט אנדערע סאָנימ פונ סאָוועטנלאנד.

עס זײַנענ געווענ אויכ ספּייקעס, וואקלונגענ אונ שוינ ניט בא די, וואָס האָבנ אײַנגעלאדנ, נאָר בא די, וואָס זײַנענ אײַנגעלאדנ געוואָרנ. וואָס איז עס פאר א קאָנגרעס, צו וואָס, אפ וואָס. צי וועט ער ניט זײַנ פּאָשעט א פּאָליטישע קאָנפערענצ—צי איז קעדײַ צו אופטאָנ אזא זאכ. בא אזא ברייטער פארשיידנארטיקײַט פונ ריכטונגענ—איז דענ מעגלעכ כאָטש א וועלכע ניט איז אייניקײַט. צי וועט דער קאָנגרעס ניט זײַנ פארכאפּט פונ רעכט־ליבעראלנ פליגל. אָדער פארקערט,—צי וועט ער ניט פארוואנדלט ווערנ אינ א קאָמוניסטישנ... וויפל מאָל איז דערנאָכ אויסגעקומענ צו הערנ צופרידענע אויסרופנ פונ דידאָזיקע מענטשנ, וואָס האָבנ אינ אָנהויב אזוי געצווייפלט. ניט פארלירנדיק גאָרניט אינ זייער אינדיווידואלעטעט, האָבנ זיי באקומענ נײַע קרעפטנ, פילנדיק זייער אייניקײַט מיט הונדערטער נײַע פרײַנט, פארבינדעטע קעגנ פאשיזמ אונ מילכאָמע.

דאָס אלצ האָט זיכ אָבער פאנאנדערגעוויקלט ערשט אפנ קאָנגרעס, אָבער איידער ער האָט זיכ אָנגעהויבנ האָבנ די אָרגאניזאטערנ זײַנע איבערגעלעבט ניט ווייניק שאָענ פונ מוטלאָזיקײַט. עס איז געווענ א טאָג, ווענ עס האָט זיכ געדוכט, אז אלע באמיִונגענ זײַנענ אומזיסטע, אז עס וועט זיכ גאָרנישט באקומענ, קיינער וועט ניט קומענ—ניט דאָס פובליקומ, ניט די שרײַבער. אָבער אינאָוונט פונ דעמדאָזיקנ טאָג איז פּלוצלינג אָנגעקומענ די ערשטע טעלעגראמע פונ א דעלעגאט מיט א ביטע צו באגעגענענ אימ אפנ אעראָדראָמ אונ ס'איז אוועק אונ אוועק. מיט דאמפערס, מיט צוגנ, מיט אווטאָמאָבילנ, פונ קאָפּענהאגענ, פונ ניו־יאָרק, פונ סאָפיע, פונ די אנטיליער אינזלענ. אונ אָט, מיר פאָרנ אפנ האר דיו נאָר, מיר זעענ—איבערנ פראָנ קײַקלט זיכ אונדזער כאָשעווע אנע אלעקסאנדראָוונא קאראוואיעווא (געלעכטער). עס האָבנ זיכ א שאָט געטאָנ ביטעס וועגנ אײַנשליסנ אינ

באשטאנד פון די דעלעגאטן, מע האָט אָנגעהויבן פאנאנדערקויפן די ארײַנגאנג־בילעטן עס האָבן א שטראָם געטאָן אָנפראגעס פון פארשיידענע מינים. בא איין שרײַבער פעלט געלט אפ צו דערפאָרן מיטן 3־טן קלאס ביז פאריזש, א צווייטער פרעגט אָן טעלעגראפיש מיט א באצאָלטן ענטפער צי זאָל ער נעמען מיט זיך א פראק און אן אָוונט־קלייד פאר דער פרוי, צי וועלן זײַן ראוטן אָדער פראָסט קאָקטיילן (געלעכטער).

פאר די, פאר וועמען דער גורל פון קאָנגרעס איז געווען נאָענט און טײַער—איז דער סאמע פײַנפול־רעגנדיקער מאָמענט געווען דער עפענונג־טאָג. מיט ציטערניש זײַנען מיר אינאָוונט געקומען צו דער געבײַדע „קעגנזײַטיקײַט“ און ס'האָט זיך ארויסגעוויזן: די דעלעגאטן זײַנען אפ די ערטער, דער זאל איז פארפולט מיט א צוויי טויזנט־קעפיקן עולם, אָט דערדאָזיקער זאל, וואָס מע האָט אָפגעדונגען מיט אזא ריזיקע. באם פרעסע־טיש—אָנדערהאלבן הונדערט זשורנאליסטן. אנדרע זשיד פערזענלעך עפנט דעם קאָנגרעס מיט א קורצער ארײַנפיר־רעדע און אָט האלט שוין פאָרסטער זײַן פאָרטראג און זשוליען בענדא טרעט ארויס מיט א רעדע וועגן צוויי פילאָזאָפישע סיסטעמען און זשאן גענאָ אטאקירט אים אין האסטיקער און לײַדנשאפטלעכער פאָלעמיק, וואָס ווערט אונטערגעהאלטן פון זשאן קאסו, און אונדזער כ' לופאָל גיט א פינקטלעכן און איבערצײַגנדיקן פראָפיל פון די מארקסיסטישע אָנשויונגען אפ דער קולטור־ירושה. און דער האָריזאָנט לײַטערט זיך אויס און עס איז שוין צו זען, אז דאָ קומט פאָר ניט פאָשעט א פארזאמלונג, ניט קיין אָרדנטלעכער ליטערארישער דיספוט, ניט קיין אויסשטעלונג פון פאָפולירע שרײַבער, נאָר אן ערנסטע און וויכטיקע באגעגעניש פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער אלוועלטלעכער ליטערארישער אינטעליגענץ, א באגעגעניש פאר שטרײַטן, פאר א דערנעענטערונג און קאָנסאָלידאציע. שפעטער האָבן אייניקע היציקע קעפ פון דער פאריזשער יוגנט באשלאָסן, אז זינט די צײַטן פון די ענציקלאָפעדיסטן פון 18־טן יאָרהונדערט איז דער איצטיקער קאָנגרעס געווען די גרעסטע קולטור־דערשײַנונג. איך נעם זיך ניט צו פארטיידיקן אזא באהויפטונג, אָבער זי איז באלערנדיק, ווי סע האָט זיך געענדערט און זיך שפעטער איבערגעבראָכן אין די מויכעס דער געוואגטער „פרווו מיט נישטיקע מיטלען“ (אפלאָדיסמענטן).

און דעריקער—אפן צווייטן טאָג ווײַזט זיך אָנשטאָט די דרײַ שורעלעך, וואָס האָבן זיך בעשום אויפן ניט אויסגעשטעלט אינעם שוישפיל־אָפטייל פון די ציווייטראנגיקע צײַטונגען, דער ערשטער גרויסער ארטיקל אין „טאן“. דער ערשטער, אָבער ווײַט ניט דער לעצטער. אין דעמדאָזיקן גרויסן ארטיקל זײַנען דאָ אומרויִקע סיגנאלן וועגן דעם, אז דער קאָמוניזם גרײַפט אָן און שוין ניט נאָר אפן עקאָנאָמישן פראָנט און אפן פאָליטישן, נאָר אין געביט פון קולטור, פילאָסאָפיע, עסטעטיק און ער גרײַפט אָן אין דער גאנצער באוואָפנסקײַט, האָבנדיק צווישן די אָנגרײַפנדיקע אנדרע זשידן, מאקסים גאָרקען, פאָרסטערן טאָמאס און הענריך מאן. דער ארטיקל אין „טאן“ האָט בלויז אָנגעהויבן דעם מארש—איר זעט, וויפל מע האָט שוין אָנגעשריבן וועגן קאָנגרעס (באווײַזט א הויפן ארטיקלען, ארויסגעשניטענע פון צײַטונגען) און דאָס איז ווײַט, ווײַט ניט אלץ. מער האָט מען קיינעם ניט געדארפט בעטן, ניט קלאפן אין די טירן פון די רעדאקציעס. פאר דער בורזשואזער פרעסע איז דער קאָנגרעס געוואָרן א ברענענדיקע טעמע. ס'איז אינטערעסאנט, א איינע א גרויסע לינקע צײַטונג, וואָס האָט אין אָנהויב זיך ניט געלאָזט הערן מיט קיין קלאנג וועגן קאָנגרעס,—האָט אפן דריטן טאָג ניט נאָר אינגאנצן אָפגעדרוקט אנדרע זשידס רעדע, נאָר אפילע אן אויפגעבראכטע נאָטיץ—פארוואָס האָט מען הייסט עס פארשוויגן אין דער פרעסע אזא וויכטיקע געשעעניש! (געלעכטער).

װעגנ דעמ גאנג גופע פונ קאָנגרעס װײסט איר פונ די צײַטונגענ. זיצנדיק אינ זאַל, האָבנ מיר באַזונדערס בולעט אופגענומענ עטלעכע ארויסטרעטונגענ. דאָס זײַנענ געװענ צװײ אָנגעזעטיקטע מיט אינהאַלט אונ פײַער קאָנדענסירטע רעדעס פונ אנדרע מאלראָ, די גלענצנדיקע, סײַ לויט דער סטרוקטור, סײַ לויט דער טיפקײַט, סײַ לויט דער דרײסטקײַט, רעדע פונ לוי אראגאָנ, די העלע רעדעס װאָס האָבנ זיכ פארגעדענקט אפ לאַנג פונ הענריכ מאנ, זשאנ רישאר בלאָק, פײכטװאנגער, װאלדא פרענק, שאמסאָנ, ניזאנ, באַרביוס אויסגעצײכנטער פאָרטראג אפ דער טעמע „נאציע אונ קולטור". דעמ שטאַרקסטנ אײַנדרוק אונ דאָקומענט פונ קאָנגרעס שטעלט מיט זיכ פאָר אנדרע זשידס רעדע. אנ ערלעכע רעדע, אנ ערלעכע אינ איר שטרענגנ פאטאָס, אנ ערלעכע אינ אירע ספײקעס, אינ דער ניט דערעדקײַט אונ אינ אירע באַהויפטונגענ. פארענדיקנדיק דידאָזיקע רעדע, האָט אנדרע זשיד אָנגערירט א פילבארנ פונקט אינ דער פסיכאָלאָגיע פונ די „לינקע" אונ אונדז פרײַנטלעכע שרײַבער, יענעמ פונקט װעלכנ עס פרוּװנ אָפט א שטאָכ טאָנ די בורזשואַזע קריטיקער, אטאקירנדיק די שרײַבער, װאָס גײענ צומ פראָלעטאַריאַט. אזוי האָט מענ אטאקירט אנדרע מאלראָ אפ א ליטעראַטור־פארזאמלונג, װאָס איז פאָרגעקומענ פארנ קאָנגרעס. מע האָט צו אימ געזאָגט: „מיר װײסנ, איר זײַט פארנ קאָמוניזמ בלויז אפ אזויפיל, אפ װיפל ער איז אינ דער מערהײַט לענדער א לערע א געיאָגטע אונ א מארטירערישע. איר פילט מיט די באָלשעװיקעס, קאָלזמאַנ מע פײַניקט זײ אינ די כינעזישע אונ דײַטשישע טורמעס. איר זײַט אנטציקט פונ זײ, קאָלזמאַנ זײ, זײַענדיק אינ דער מינדערהײַט, גײענ צומ טויט פאר זײערע אידײעס. בלויז א סענטימענטאַלער מיטגעפיל צו די שװאַכע האַלט אונטער אײַערע סימפאטיעס צו די קאָמוניסטנ. דער זיגרײַכער קאָמוניזמ באַגײַסטערט אײַכ װײניקער. אונ עס איז נאָכ א פראגע, צי איז ער אײַכ נאָענט".

אפ דערדאָזיקער פראגע ענטפערט אנדרע זשיד, אינ זײַנ נאָמענ אונ אינ נאָמענ פונ די צו אימ נאָענטע שרײַבער, גלײַכ אונ דײַטלעכ:

„הײַנט איז אונדזער גאנצע שטרעבונג צו געמײנשאפטקײַט אונ אונדזער גאנצע נויטװענדיקײַט אינ דעמ געװענדעט צו דער אונטערדריקטער אָפגעגאַרטער אונ לײַדנדיקער מענטשהײַט. אָבער איכ קאָנ ניט דערלאָזנ, אז דער מענטש װעט אונדז אופהערנ צו אינטערעסירנ, װענ ער װעט מערניט הונגערנ, לײַדנ אונ װעט ניט זײַנ אונטערגעדריקט. איכ זאָג זיכ אָפ צו אנערקענענ, אז ער פארדינט אונדזער סימפאטיע בלויז דאנ, װענ ער איז אומגליקלעכ. איכ בינ מאסקימ, אז דאָס לײַדנ דערהויבט אָפט, װענ עס צעברעכט אונדז ניט, עס שמידט אונ פארהאַרטעװעט אונדז. אָבער דאָכ איז מיר אָנגענעמ צו זענ אינ מײַנ פאנטאזיע די סאָציאַלע אָרדענונג, בא װעלכער, פרײד װעט זײַנ צוטריטלעכ פאר אלעמענ, אונ די מענטשנ, װעמענ דידאָזיקע פרײד װעט העלפנ װאקסנ". ביז דעמ רעדט, אינ פארלויפ פונ זײַנ גאנצער רעדע, אנדרע זשיד װעגנ דעמ, װעלכע סאָציאַלע אָרדענונג עס אנטציקט זײַנ פאנטאזיע. דאָס איז די סאָװעטישע אָרדענונג, די סאָציאַליסטישע. אונ פאר מיר איז באַזונדערס װערטפול אינ דערדאָזיקער רעדע טאקע דאָס שלוס־אָרט, װוּ דער גרעסטער שרײַבער פונ דער הײַנטצײַטיקער פראנקרײַכ באַרעכטיקט, דערהויבט ניט נאָר דעמ קאמפ פארנ קאָמוניזמ, די שײנקײַט פונ דעמדאָזיקנ קאמפ, די גערעכטקײַט פונ דערדאָזיקער באַװעגונג (מע זאָגט דאָכ „די באַװעגונג איז אלצ, דער ציל איז גאָרנישט"), נאָר אויכ אירע צילנ אינ א פאנאנדערגעװיקלטנ אויסזענ, די סאָציאַליסטישע אָרדענונג.

טאָג נאָכ טאָג, אינדערפרי אונ אינאָװנט אינ די צענדליקער, אינ די הונדערטער טרעטנ ארויס פונ דער טריבונע פונ קאָנגרעס מענטשנ פונ פארשײדענע לענדער, פונ א פארשײדענער

דערציִונג, פון א פארשײדענער פסיכאָלאָגיע, און, ניט צונויפריידנדיק זיך, ריידן זיי וועגן איינס. ניט גלאט מענטשן—שרײַבער, מײַסטערס פון געדאנק און וואָרט, זיי האָבן געבראכט מיט זיך די בעסטע געדאנקען, זייערע בעסטע ווערטער. וואָס האָט געשטויסן דידאָזיקע אלע מענטשן צו גיין צונויפריידן זיך אהער אין זאל מיטיִאליטע. די פארשײדענע מענטשן האָט געשטויסן פארשײדנס. אנדרע זשידן האָט געבראכט דער געפיל פון איינזאמקײַט. ער זאָגט, „אז האָבן א געמיינשאפט מיט זײַן קלאס איז פאר א בורזשואזן שרײַבער אומעגלעך... פססר איז פאר אונדז איצט א בילד פון אן אומגעהויערער באדײַטונג, א גוואלדיקע האָפענונג, און, כ'וועל זאָגן גלײַך, א בײַשפיל: דאָס איז א לאנד, ווו דער שרײַבער קאָן זײַן דירעקט פארבונדן מיט זײַנע לייענער. אָנשטאָט צו שווימען קעגן שטראָם, ווי מיר זײַנען געצוווּנגען צו טאָן, קאָן ער זיך אָפּגעבן דעם שטראָם. ער קאָן געפינען אין זײַן ארומיקער ווירקלעכקײַט סײַ באגײַסטערונג, סײַ ווילן, סײַ אן אומיטלבארן אָפּקלאנג אפ זײַן ווערק". זשאן רישאר בלאָקן שטויסט אן אנדער זאך, דאָס, וועגן וואָס ער רעדט אין זײַן דערקלערונג אין דער „פראוודא": „די פעלקער פון מײַרעוו און פון ווײַטן מיזרעך פירן א טראגישן קאמף, באשיצנדיק די לעצטע רעשטלעך פון די בא זיי פארבליבענע דעמאָקראטישע פרײַהײַטן. פון די פראכטפולע געבײַדעס פון פארלאמענטאריום, וועלכע עס האָבן געשאפן די אייראָפּייִשע רעוואָליוציעס פון פאָריקן יאָרהונדערט, זײַנען געבליבן בלויז קליינע ברוכשטיקער. מיר פארטיידיקן דידאָזיקע ברוכשטיקער ניט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען אונדז פרינציפּיִעל אָדער ראָמאנטיש טײַער, מיר זײַנען געצוווּנגען צו אײַנקלאמערן זיך אין זיי און פארטיידיקן זיי דערפאר, ווײַל ביז דער איצטיקער זאכלאגע זײַנען זיי דער איינציקער צאם קעגן דעם פאשיזם, וואָס גרײַפט אפ אונדז אָן. אין דערזעלבער צײַט וויקלען פאנאנדער די פעלקער פון סאָוועטנפארבאנד גלענצנדיקע מוסטערן פון אלץ נײַע און נײַע פאָרמעס פון סאָציִאליסטישער דעמאָקראטיע".

מיט וואָס פאר א דורשט די מײַרעוו־אינטעליגענץ קוקט זיך אײַן אין אונדזער לאנד, ווו עס בליט זיך פאנאנדער אפן סאָציִאליסטישן יעסאָד די פערזענלעכקײַט, ווו עס עפענען זיך פאנאנדער די מעגלעכקײַטן פון איר אנטוויקלונג! וויפל שרײַבער האָבן זיך אינדערצײַט פון קאָנגרעס אינטערעסירט מיט סטאלינס רעדעס וועגן דער אויפמערקזאמקײַט צום מענטשן, וועגן דער אכטונג צום מענטשנס לעבן, און צו דער ווערדע פון דער פערזענלעכקײַט...

און אָט איז א גרופּע שרײַבער, אפ וועלכע עס ליגט דער שטעמפּל פון טראגיזם. די בעסטע דײַטשישע וועלט־מײַסטערס הענריך מאן, ליאָן פייכטוואנגער, בערד ברעכט, לעאָנארד פראנק, עגאָן ערוויג קיש. דידאָזיקע זײַנען שוין—ניט אין א צושטאנד פון פאָרויספילן די אָנקומענדיקע קאטאסטראָפע, זיי—זײַנען אירע קאָרבאָנעס. זיי אליין זײַנען א לעבעדיקער בײַשפיל פון דעם, וויאזוי דער פאשיזם באגייט זיך מיט די בעסטע שרײַבער, מיט פרידלעכע טוער פון קונסט, וויאזוי ער רײַסט זיי ארויס מיטן וואָרצל פון זייער אייגענער ערד, ווארפט אום שטיקערווײַז איבער דער וועלט. די שאָען און טעג, ווען עס זײַנען ארויסגעטראָטן די דײַטשישע שרײַבער, זײַנען געווען אָנגעשטרענגטע, טראגישע שאָען און טעג פון צוזאמענפאָר. זיי האָבן עלעקטריזירט דעם זאל מיט הארבער אופרעגונג. איך געדענק, וויאזוי אונדזער כ' גוסטאוו רעגליער, א יונגער דײַטשישער שרײַבער, א מענטש זייער א רויִקער, האָט אָנהויבנדיק זײַן רעדע וועגן די מעטאָדן פון ליטעראטור־שאפונג, אומבאמערקט פאר זיך אליין זיך באגײַסטערט און... האָט זיך אָפּגעשטעלט ערשט דאן, ווען פון זאל האָט מען אלס ענטפער אָנגעהויבן זינגען דעם „אינטערנאציִאָנאל". רעגליער האָט זיך ניט גערעכנט אפ אזא עפעקט. ער האָט מיך דערנאָך געפרעגט: „צי דען

האָב איכ גערעדט אינ אנ אגיטאציִאָנעלנ גײַסט? דאָס איז דאָכ ניט אינ סטיל פונ קאָנגרעס". יע, לויטנ סטיל איז דער קאָנגרעס געװענ אנ ערנסטער אונ א רויִקער. אָבער אָפטמאָל פלעגנ די כוואליעס פונ דער קריגערישער שלאכט־שטימונג פארשװענקענ סײַ דאָס פובליקום, סײַ די דעלעגאטנ. אײנער א בעקאָװעדיקער שרײַבער, װאָס פארנעמט אינ זײַנ לאנד א רע־גירונג־פאָסטנ, האָט געזאָגט נאָכנ ערשטנ אָװנט, װענ עס איז נאָכ פאָרגעקומענ בלויז אנ אלגעמײנע טיפזיניקע דיסקוסיע: „איר װײסט, איכ װעל דאָכ ניט קאָנענ ארויסטרעטנ אפ אזא טריבונע. די אָפיציִעלע לאגע דערלויבט מיר ניט". אונ אפנ פערטנ טאָג, נאָכ דעם, װי אינ זאל האָט מענ עטלעכע מאָל געזונגענ דעם „אינטערנאציִאָנאל" אונ עס זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אנטלאָפענע פונ פאשיסטישנ דײַטשלאנד—איז ער לעבעזיקער געװאָרנ אונ האָט געבעטנ א װאָרט (א געלעכטער, א באװעגונג).

װאָס אָנבאלאנגט אונדזער סאָװעטישער דעלעגאציע, איז זי, קאָנ מענ זאָגנ, ניט אי־בערטרײַבנדיק, געװענ די סאמע פאָפולערע אונ געליבטע אפנ קאָנגרעס. געװיס, עפעס װאָס האָבנ מיר, סאָװעטישע דעלעגאטנ, געטאָנ. צוליב דעם; באזונדערס איז געװענ ריכ־טיק, װאָס א רײ סאָװעטישע דעלעגאטנ האָבנ אינ די אינטערעסנ פונ די אויסלענדישע כאװײרים זיכ אומגעקערט אינ זײערע ארויסטרעטונגענ צו יענע שוינ אלטע פאר אונדז דורכגעגאנגענע פראגעס, װעלכע באומרויִקנ נאָכ אלץ אונ פײַניקנ די שרײַבער אינ דער אלטער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, אָבער אינ גרונט גענומענ—לאָמיר זיכ ניט נארנ,—ניט מיר אליינ, ניט אונדזערע באשײדענע ביכער אונ רעדעס זײַנענ געװענ די סיבע פונ דער אכטונג אונ ליבע, מיט װעלכע מע האָט אונדז ארומגערינגלט. אינ אונדז האָט מענ געאכטעט אונ באגריסט די ליטעראטור פונ זיבנ װונדערלעכע סאָװעטישע לענדער, צו אונדז האָט מענ זיכ צוגעהערט, אלס צו די געהילפ־מײַסטערס פונעם גרויסנ ליטעראטור־מײַסטער—מאקסים גאָרקי. אפנ טאָג־אָרדענונג איז ניט געשטאנענ דער סאָװעטנפארבאנד, אָבער קײנ אײנער פונ די 104 רעדנערס פונ קאָנגרעס—קײנ אײנער ניט!—האָט זיכ ניט געקענט באגײנ ניט צו דערמאָנענ װעגנ סאָװעטנפארבאנד אונ שטענדיק מיט אנערקענונג אונ קימאט שטענדיק מיט אנטציקונג. דאָס האָבנ די דערפאָלגנ אונ זיגנ פונעם סאָװעטנ־פארבאנד געמאכט אונדז אביסל גרעסער אונ קליגער. דאָס האָט דער גלאנצ פונ דער סטאַ־לינישער העלדישקײַט אונ כאָכמע אָפגעשײַנט אפ אונדז אונ האָט אונדז צוגעגעבנ א בא־שטימטנ אינטערעסאנטנ אָרעאָל. פרײענדיק זיכ אונ שטאָלצירנדיק מיטנ אופנאם, װאָס מע האָט אונדז געמאכט, דארפנ מיר אפ קײנ סעקונדע ניט פארגעסנ זײַנ גרונט סיבע.

ס'איז איבעריק צו רײדנ, מיט װאָס פארא נײַגעריקער אופמערקזאמקײַט עס האָבנ אונדז ארומגערינגלט די רעשטלעכ פונ צארישנ רוסלאנד, װאָס זײַנענ איצט אינ אויסלאנד נע־בעכ. (געלעכטער, א באװעגונג) אינ דער לאגע פונ העקדעש־לײַט. די רוסישע װײַסגװאר־דײער האָבנ בוכשטעבלעכ ארומגעשמײַעט צװישנ די סאָװעטישע שרײַבער, באטראכטנדיק אונדז, װי זשיראפנ. אינ זשורנאליסטנ־צימער האָב איכ געפונענ אָט דאָסדאָזיקע װיזיט־קארטל, װו ס'איז מיטנ פראנצויזישנ שריפט אָנגעצײכנט „Pavel Petrovich Iacqmont, Littérateur et Ecrivain Russe Emigré. ville natale: Ouralsk" (פאװעל פעטראָ־װיטש זשעקמאָנ, א רוסישער עמיגראנטישער ליטעראט אונ שרײַבער. די געבורט־שטאָט אוראלסק) (געלעכטער). טאָג־אײַנ טאָג־אויס האָט מענ אינ דער עמיגראנטישער פרעסע מיטגעטײלט די דעטאלסטע אונ, פארשטײט זיכ, זײער גלויבװערדיקע ידיִעס: אז טיכאָנאָװ איז ענלעכ אפ אנ אמעריקאנער, אז טאָלסטאָי איז נאָכ גרעבער געװאָרנ (געלעכטער) אונ טיטשינענ רופט מענ גריצקאָ (א שטארקער געלעכטער).

אָבער בא דעם גאנצנ פארלאנג ווי ניט איז צו פארטשעפענ, א ביס טאָנ, פארמינערנ די סאָוועטישע שרײַבער, האָט אפילע די ווײַסע פרעסע ניט געקאָנט ניט אנערקענענ אונדזערע דערפאָלגנ סײַ אפנ קאָנגרעס, סײַ אינ אונדזער היימלאנד. פונ אלע אָפרופנ פונ דער אויסלענדישער פרעסע וועל איכ זיכ דערלויבנ ציטירנ טאקע די אָפרופנ פונ אונדזערע פארביסנסטע סאָנעם, פונ די רוסישע ווײַסע עמיגראנטנ. גראָד זייער צײַטונג „פאָסלעדניע נאָוואָסטי“ (17 יונ 1935 י.). דער אָרגאנ פונ בונינענ, זײַצעוונ, שמעליאָוונ, איז געווענ געצוווּנגענ צו אנערקענענ: „די רוסישע דעלעגאציע איז אָנ שום צווייפל אמערסטנ פאָפולער באם פובליקום, אירע רעדנער באגעגנט מענ אונ מע באגלייט מיט די סאמע רוישיקע סימפאטיע־אויסדרוקנ... דאָס פארטיידיקנ די קולטור נעמט אָנ צו אָפט א כאראקטער פונ פראָפאגאנדירנ דעם סאָוועטישנ רעזשים. דידאָזיקע נאָטע האָט צום באדויערנ געקלונגענ שטארקער פונ די איבעריקע אפנ קאָנגרעס“.

איכ וועל, כאָוויירים, ניט מאכנ קיינ אלגעמיינע אויספירנ נאָכ מער דערפאר, ווײַל כ׳ שטשערבאקאָוו האָט שוינ קלאָר אונ גוט באלויכטנ דעם כאראקטער פונ קאָנגרעס, זײַנ באדײַטונג אונ די סיטואציע, אינ וועלכער ער איז פאָרגעקומענ. איכ וויל פארענדיקנ מיטנ לעצטנ פונ די פאריזשער בילדער. אלעקסיי מאקסימאָוויטש איז פיזיש ניט בײַגעווענ אפנ קאָנגרעס. זײַנ צײַטווײַליקע קראנקהײַט האָט אים געשטערט צו לאָזנ זיכ אינ א ווײַטער רײַזע. ער איז ניט בײַגעווענ פיזיש, אָבער זײַנ נאָמענ איז געווענ אינ זאל פונ קאָנגרעס אפ די ליפנ פונ אסאכ אונ אסאכ מענטשנ אלע טאָג. אונ נאָכנ קאָנגרעס זײַנענ מיר אוועקגעפאָרנ אינ פאריזשער פאָרשטאָט ווילזשיִפ אפ דער עפענונג פונ בולוואר אפ גאָרקעס נאָמענ. די פאריזשער ארבעטער, וואָס האלטנ איצט אינ זייערע הענט די מוניציפאליטעטנ פונ קימאט אלע פאָרשטעט פונ דער הויפט־שטאָט — זיי האָבנ די בעסטע גאסנ פונ ווילזשיִפ אָנגערופנ מיטנ נאָמענ פונ דעם גרויסנ פראָלעטארישנ סאָוועטישנ רוסישנ שרײַבער, אונ אפ דעם דאָזיקנ יאָנטעוו פונ, אויסדריקנדיק זיכ אפ אונדזער שפראכ, צוזאמענשלוס צווישנ די פראנצויזישע ארבעטער מיט דער סאָוועטישער ליטעראטור — איז בײַגעווענ אלס אקטיוועסטער אָנטיילנעמער דער באליבסטער שרײַבער פונ דער פראנצויזישער אינטעליגענצ — אנדרע זשיד. מיט א קורצער צײַט פאר דעם האָט אנדרע זשיד, אוועקגייענדיק פונ זײַנ גרויסער אונ שטילער ביבליִאָטעק, צום ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ געעפנט א גרויסנ צווישנפעלקערלעכנ ליטעראריש-געזעלשאפטלעכנ קאָנגרעס. דערנאָכ האָט ער צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ געהאלטנ א פאָרטראג פאר דרײַ טויזנט מענטשנ. אונ דערנאָכ — אויכ צום ערשטנ מאָל אינ זײַנ לעבנ, איז ער אוועק אינ גאס אפ אנ ארבעטער־פארזאמלונג, עפענענ דעם בולוואר אפ גאָרקעס נאָמענ. ס׳איז געווענ א הייסער זונטיק־טאָג. אנ אומופהערלעכער צוג פונ פרעכטיקע אווטאָמאָבילנ האָט געשטראָמט דורכ דער פאָרשטאָט, אויסער דער שטאָט, צו גרינס, צו וואסער. לויט דער סאָציאלער אָפשטאמונג, לויט די געוווינהײַטנ פונ זײַנ צוויי אונ זעכציק־יאָריקנ לעבנ, לויט די פריִערדיקע באקאנטשאפטנ אונ פארבינדונגענ, איז אנדרע זשידס אָרט געווענ אינ איינעם פונ דידאָזיקע אווטאָמאָבילנ. אָבער ער האָט געהאלטנ פאר בעסער צו שטיינ דאָ אפנ הילצערנעם בריקל, באם ברעטל, ווו ס׳איז געווענ אָנגעשריבנ מאקסים גאָרקעס נאָמענ אונ אָנשטרענגנדיק זײַנ שטים אינעם רויש פונ דער גאס, ארויסריידנ ווערטער פונ אכטונג, ליבע צום גרויסנ שרײַבער פונ סאָוועטנלאנד. אונ ווענ דער באשיידענער ארבעטער־אָרקעסטער האָט אָנגעהויבנ שפילנ דעם „אינטערנאציאָנאל“, האָט אנדרע זשיד צוזאמענ מיט אנדערע אופגעהויבנ זײַנ שרײַבער־האנט, האָט זי פארקוועטשט אינ א פויסט, אפ א ראָטפראָנטישנ אויפנ, אונ אינ דעם זע איכ, אויב איר ווילט, א סימבאָל פונ אונדזער צײַט. אנטקעגנ דעם שרעקלעכנ געשפענסט פונ פאשיזם, אנטקעגנ דער געפאר פונ צעשמעטערנ די קולטור־ווערטנ פונ דער מענטשהײַט גייט דאָס בעסטע, דאָס ערלעכסטע, וואָס האָט זיכ פארהיט צווישנ דער אינטעליגענצ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט צו די ארבעטער, אונ, באשיצנדיק זיכ, הויבט עס אופ דעם פויסט אפ א פראָלעטארישנ אויפנ. (שטורמישע אפלאָדיסמענטנ).

פֿאָלקס־דיכטער יאַקוב קאָלאַס

# אַ רײַזע אינ פּאַריזש

## פונעמ בלאָקנאָט פונ אַ דעלעגאַט אפנ צווישנפעלקערלעכנ שרײַבער־קאָנגרעס צומ שוץ פונ דער קולטור

1

אַלזאָ, מיר פאָרנ קיינ פּאַריזש אפנ אַלוועלטלעכנ שרײַבער־קאָנגרעס צו פאַרטיידיקנ די קולטור.

פאַר מיר פּערזענלעכ איז געווענ זייער אינטערעסאַנט דורכצופאָרנ די ערשטע גרענעץ־סלופּעס. אינ אַ וואָסערע צענ קילאָמעטער צו מײַרעוו פונ זיי געפינענ זיכ די ערטער, וועלכע איכ האָב מיט אַ יאָר 20־25 צוריק אויסגעמאָסטנ מיט מײַנע אייגענע פיס. דאָרט איז מײַנ געבורטס־דאָרף, אייגענע שטעטלעכ, דער ניאָמאַנ. וואָס איז מיט זיי געוואָרנ, וויאַזוי האָבנ זיי זיכ געענדערט?

אונ אָט האָבנ מיר געמײַדט ניעגאָרעלע. דורכגעפאָרנ די גרענעצ־סלופּעס. מיר זײַנענ אפ דער טעריטאָריע פונ פּוילנ.

איכ קוק זיכ אײַנ די־ראַכוועסנ, וואָס זײַנענ מיר באַקאַנט פונ די קינדער־יאָרנ אָנ. אָט איז די סטאַנציע סטייפּצ. די פּוילישע טאַמאָזשנע, די אַלטע סטאַנציע איז ניטאָ — זי איז איבערגעאַנדערשט געוואָרנ אפ אַ פּוילישנ אויפנ. די נײַע געבײַדע אינ פּוילישנ סטיל איז אַריבערגעטראָגנ עטוואָס רעכטס. פונ אַמאָליקנ וואָקזאַל איז געבליבנ בלויז די אַלטע דעפּאָ.

נאָכ מער רעכטס, אפנ בערגל איז געשטאַנענ אַ ווינט־מיל. זי איז אויכ ניטאָ. אפ איר אָרט איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ אַ דאַמפּ־מילכל, אַ קליינינקע אַזאַ, אַנ אומגעוויינלעכע פאַר אונדז, וואָס האָבנ געזענ ריזיקע געבײַען. לינקס די זעלבע אָזערע, אַ וואַסער־מיל. פונ אַלטנ קלויסטער האָט מענ אַראָפּגענומענ דעמ טורעמ. ער איז איבערגעמאַכט געוואָרנ פאַר אַ קאָסטיאָל.

אפ דער סטאַנציע דרייענ זיכ אומ אָנגעצויגענע, אפילע אָנגעבלאָזענע פיגורנ פונ פּוילישע זשאַנדאַרנ אינ היטלענ מיט קאָלאָסאַלע דאַשקעס. זיי פאַרשטעלנ די פּריצישע זשאַנדאַרנ די אויגנ אונ האַלבע נאָז. אפ דער פּאָטיליצע זײַנענ די היטלענ פאַרשמעלערט אינ דער פאָרמ פונ אַ לאַבנ ברויט. דידאָזיקע היטלענ מאַכנ זייערע פיגורנ שטאַרק קאָמיש.

אָט זײַנענ יענע ענדערונגענ, וואָס האָבנ זיכ מיר געוואָרפנ אינ די אויגנ.

איכ האָב א קוק געטאָנ אפנ פעלד—עס איז אינגאנצנ צעשניטנ אפ שמאָלינקע־שמאָלינקע פאסיקלעכ. זיי זײַנענ אזוי אומגעווײנלעכ, אזוי מאָדנע פארנ סאָוועטישנ אויג. פונ זיי שמעקט מיט קאפּיטאַליסטישקײַט.

ניט ווילנדיק דערמאָנ איכ זיכ, ווי נאָכ גאָר יונגערהייט בינ איכ אומגעגאנגענ איבער דיזעלבע וועגנ, וואָס ציִענ זיכ צווישנ די זאמד־פעלדער אונ דיזעלבע שמאָלע פאסיקלעכ ערד. מיכ האָט דאנ געוואָרגנ דער פּאָליציייִשער יאָכ, איכ בינ געווענ אונטערנ אופזיכט פונ דער פּאָליציי. יעדער צארישער באאמטער איז געווענ מײַנ סוינע. איכ האָב געפילט מײַנ רעכטלאָזיקײַט. דידאָזיקע אלע געפילנ האָבנ אופגעלעבט אינ מיר, ווענ איכ האָב דערזענ מײַנ געוועזענע היים.

אָט איז מײַנ ערשטער אײַנדרוק פונ אויסלאנד. דערדאָזיקער אײַנדרוק האָט מיכ ניט פארלאָזנ די גאנצע צײַט. קאָלזמאנ איכ בינ געפאָרנ איבער דער טעריטאָריע פונ מײַרעוור־ווײַסרוסלאנד. איכ האָב ניט אראָפּגענומענ די אויגנ פונ אירע קאפּיטאַלישע ראכוועסנ. די־זעלבע דערפער, דיזעלבע דעכער פארוואָקסנ מיט מאָכ. דאָ־דאָרטנ באגעגענענ זיכ נײַע געמויערטע הויפלעכ, ווײַזט אויס פּולגאַרקישע אָדער אסאדניקישע. דאָ־דאָרטנ באווײַזט זיכ דער טורעמ פונ א נײַעמ קאָסטיאָל, אָט דאָס איז די גאנצע נײַע בויונג פונ מײַרעוור־ווײַסרוסלאנד!

געפאָרנ זײַנענ מיר דורכ פּוילנ דעמ 16־טנ יונ. דאָס איז געווענ גראָד זונטיק. אָבער די סטאנציעס זײַנענ ליידיק. קיינ מענטשנ זעט מענ ניט. דאָ־דאָרטנ באווײַזט זיכ די פיגור פונ א פּראָסטנ מענטשנ, א ווײַסרוס מיט א שטעקעלע אונ מיט דער טראדיציאָנעלער ווײַס־רוסישע טאָרבע. באטריבט איז זי אונ אײַנגעשלאָסנ אינ איר צאר, דידאָזיקע פיגור! דאָ־דאָרטנ באווײַזנ זיכ דאָרפישע פּרויענ, זיי טוליענ זיכ ערגעצ אפּ די הינטער־הויפנ, פאר זיי איז ניטאָ קיינ אָרט צווישנ פּריצימ אונ טשינאָווניקעס. זיי זײַנענ איינזאמ אונ פאר־שטויסנ אינ זייער לעבנ. זיי נעמט מענ ארומ, אָבער געבנ גיט מענ זיי גאָרנישט. דאָס איז אָנגעשריבנ אפ זייערע פארומערטע אונ אינ זיכ אײַנגעשלאָסענע געזיכטנ.

2

ביז ווארשע איז אונדזער דעלעגאציע געפאָרנ צוזאמענ. אינ ווארשע האָבנ מיר זיכ צעטיילט אפ צוויי גרופּעס. איינ גרופּע איז געפאָרנ דורכ דײַטשלאנד, די צווייטע—דורכ טשעכאָסלאָוואקיע, עסטרײַכ אונ שווייצאריע. איכ בינ געפאָרנ מיטנ לעצטנ מארשרוט.

פונ אלע לענדער, וועלכע מיר זײַנענ דורכגעפאָרנ אפנ וועג קײַנ פאריזש, לאָזט איבער דעמ בעסטנ אײַנדרוק טשעכאָסלאָוואקיע. אירע שטעט, סטאנציעס, היימלעכע שטיבעלעכ געדעקטע מיט דאכלקעס, וואָס זײַנענ צעוואָרפנ אינ די טאָלנ אונ אפ די הייכנ פונ די קארפּאטנ, זעענ אויס ריינ, לוסטיק. עס ווארפט זיכ אינ די אויגנ דער שטעמפּל פונ דער הויכער קולטור. זייער אָפט טרעפנ מיר קינדער־פּלעצער אונ ספּאָרט־פּלעצער. אויס־געצייכנטע וועגנ.

אפ דער טשעכאָסלאָוואקישער גרענעצ־סטאנציע פּעטראָוויצע האָבנ מיר באגעגנט דעמ כ׳ זאטאָנסקי. ער איז געפאָרנ אינ איינ צוג מיט עדוארד בענעשנ. זאטאָנסקי האָט באקאנט מיט אימ קירשאָנענ אונ מיקיטענקען. זיי האָבנ געהאט מיט בענעשנ א שמועס, גענומענ בא אימ אנ אינטערוויו.

מיט דעמדאָזיקנ אינטערוויו איז ארויסגעקומענ זייער א פײַנע געשיכטע. מיקיטענקאָ

און קירשאָנ האָבנ פארשריבנ דעמ שמועס מיט בענעשנ און אפ דער סטאנציע וואָס גרענעצט זיכ מיט עסטרײַכ האָבנ זיי אימ איבערגעגעבנ דורכנ טעלעגראפ פאר דער „פראוודא“. דער באאמטער, וואָס האָט צוגענומענ די טעלעגראמע, האָט ניט געהאט קיינ אויסגאָב. מע האָט געדארפט צעבײַטנ דאָלארנ, אָבער דער צוג האָט שוינ געדארפט אָפגיינ. די טשעכנ זײַנען געווענ אפ אזויפיל איידל אופמערקזאמ, אז זיי האָבנ פארהאלטנ דעמ צוג אפ א מינוט דרײַ, קעדיי צו געבנ א מעגלעכקײַט, אָפשיקנ די טעלעגראמע. ערשט דאנ, ווענ כ׳ קירשאָנ האָט געמאָלדנ: מע קאָנ פאָרנ, איז דער צוג אָפגעגאנגענ.

געקומענ זײַנענ מיר אינ פאריזש דעמ 19־טנ יונ באנאכט. דער קאָנגרעס האָט זיכ געעפנט, ווי מע האָט אָנגעמערקט פריִער, דעמ 21־טנ יונ, 6 אזייגער אָוונט.

3

דער זאל מיטיאליטע אָדער „קעגנזײַטיקײַט“ איז שיינ אינ זײַנ באשיידענער פראָסטקײַט. עפעס אנ אומגעווײנלעכע אופרעגונג פילט זיכ אינ דעמדאָזיקנ זאל, ווײַל דאָ וועט דאָכ די האנט פונ דער געשיכטע ארײַנשרײַבנ איינע פונ די זײַטלעכ פונ מענטשלעכנ לעבנ, א זײַטל פונ קאמפ פאר דער אלמענטשלעכער קולטור, וועלכער עס דראָט דער פאשיזמ, פאר אירע נײַע וועגנ. די אלטע וועלט געפינט זיכ אינ טעמפנווינקל. דאָס איז א פארמאטערטער פוסגייער, וואָס איז שוינ דורכגעגאנגענ זײַנ וועג. בא אימ איז ניטאָ קיינ פערספעקטיוו, ניטאָ קיינ קויעכ צו באוועגנ זיכ פאָרויס אינ די גלאנציקע ווײַטנ פונ דער נײַער וועלט, ווײַל דידאָזיקע וועלט דראָט אימ מיט אומקומ...

אפנ קאָנגרעס זײַנענ פאָרגעשטעלט 38 לענדער. העכער 200 דעלעגאטנ זײַנענ זיכ צונויפגעפאָרנ אהער. אָבער צווישנ זיי זײַנענ ניטאָ קיינ פאָרשטייער פונ פוילנ, ניטאָ קיינ פאָרשטייער פונ דײַטשלאנד; פאר די שרײַבער פונ דידאָזיקע לענדער איז דער וועג צומ אלוועלטלעכנ שרײַבער־קאָנגרעס אָפגעשניטנ דורכ דער פאשיסטישער רעגירונג.

באמ טיש פונ פרעזידיומ באווײַזט זיכ אנדרע זשיד, א באיאָרטער, א ברייטפלייציקער, א ביינערדיקער. דער זאל באגעגנט אימ מיט רוישיקע אפלאָדיסמענטנ, מיט אנ אוואציע. דאָס איז איינער פונ די פאָפולירסטע שרײַבער פונ פראנקרײַכ. נאָכ אימ גייענ ארײַנ מאלראָ, אראגאָנ — מענטשנ, וואָס אפ זייערע פלייצעס ליגט די גאנצע שווערקײַט פונ דורכפירנ דעמ קאָנגרעס.

אנדרע זשיד האלט א קורצע ארײַנפיר־רעדע. ער זאָגט, אז דער קולטור דראָט א געפאר מיצאד דעמ פאשיזמ, אָבער ער דריקט אויס די האָפענונג, אז די סאָלידאריטעט פונ די פעלקער וועט אָפווענדנ די דאָזיקע געפאר. עס ווערט דורכגעלייענט דאָס צעטל קאנדידאטנ אינ באשטאנד פונ פרעזידיום פונ קאָנגרעס. פונ דער דעלעגאציע סאָוועטישע שרײַבער ווערנ אָנגערופנ: לופאָל, אלעקסיי טאָלסטאָי, מיכאיל קאָלצאָוו, איליא ערענבורג... אלס ערנ־מיטגלידער פונ פרעזידיומ ווערנ אויסגעוויילט מאקסימ גאָרקי און ראָמענ ראָלאנ.

דער קאָנגרעס טרעט צו צו דער ארבעט... א וואָרט באקומט דער ענגלישער דעלעגאט — פאָרסטער. ער רעדט וועגנ פאשיזמ, שאצט אימ אָפּ, ווי א רעאקציאָנערע דערשײַנונג, קעגנ וועלכער עס דארפנ קעמפנ די שרײַבער, די אָנהענגער פונ פראָגרעס. נאָכ פאָרסטערנ טרעט ארויס דער פראנצויז זשוליענ בענדא. ער וויקלט פאנאנדער א פארפלאָנטערטע טעאָריע וועגנ צוויי קולטורנ, ארויסגייענדיק פונ אידעאליסטישע פאָזיציעס. ער

צווייפלט, אז דער קאָמוניזם איז א דערשײַנונג פון דער מײַרעוו־קולטור. קעגן בענדען טרעט ארויס הייס און פלאמיק דער פראנצויז געענאָ. ער פרעגט בא בענדען — צו וועלכער־זשע קולטור געהערט קארל מארקס.

אין משך פון אלע זיצונגען פון קאָנגרעס טרעט ארויס בענדא דרײַ מאָל. אָבער יעדע ארויסטרעטונג זײַנע ווערט אלץ מער אראָפּגעזעצט. בא אים איז ניטאָ קיין דײַטלעכע ליניע. ער מאכט אן אײַנדרוק פון א מענטשן ניט קיין זיכערן, א וואקלדיקן. ניט פעסט שטייט ער אפ זײַנע פּאָזיציעס. הילפלאָז צענעמט ער די הענט, שאָקלט מיט דער גרויער קאָפּ און ענדלעך, דערקלערט ער, עפשער זײַנען גערעכט זײַנע אָפּאָנענטן, אָבער אינעם קאָמוניזם צווייפלט ער דאָך.

א גרויסן אײַנדרוק מאכן די דײַטשישע שרײַבער־עמיגראנטן, די פארטריבענע פון היטלער־רעזשים, וואָס באווײַזן זיך אפ דער טריבונע. ברעכטס און קישס ארויסטרעטונגען קלינגען מיט הייסן פּראָטעסט קעגן דעם פאשיזם און קעגן היטלערס אומפארשעמט אָפּרעכענען זיך מיט די פאָרשטייער פון דער קולטור און מיט דער קולטור גופא.

4

די ארבעט פון קאָנגרעס האָט געטראָגן א שטרענגן זאכלעכן כאראקטער און איז געפירט געוואָרן זייער אינטענסיוו. די זיצונגען פלעגן זיך אָנהייבן 3 אזייגער באטאָג, פלעגן דויערן ביז 6 אָוונט און דערנאָך פון 9 אזייגער אָוונט ביז 12 אזייגער באנאכט און, צײַטנווײַז, אויך ווײַט נאָך האלבער נאכט.

די פּראָגראם פון קאָנגרעס איז א גרויסע. דעלעגאטן אסאך. זייער אידעאָלאָגישער באשטאנד א גאנץ בונטער. צווישן זיי — קאָמוניסטן, שרײַבער, וואָס האלטן אונטער הייס דעם קאָמוניזם, שרײַבער פּראָגרעסיוו־רעוואָליוציאָנערע, וואָס האָבן דאָך ניט צעריסן מיט דער בורזשואזער אידעאָלאָגיע; לעצטנס, שרײַבער פײַנטלעך געשטימט צום קאָמוניזם און צום סאָוועטנפארבאנד, אָבער די לעצטע זײַנען אין דער אלגעמיינער מאסע דעלעגאטן ניט קיין סאך און זייער שטים ווערט פארטרונקען אין דער מענגע שטימען פון די, וואָס טרעטן ארויס פון קאָמוניסטישע פּאָזיציעס. זייער אָפט דערמאָנען די דעלעגאטן דעם סאָוועטנפארבאנד. פאר אונדז, די מיטגלידער פון דער סאָוועטישער דעלעגאציע, איז זייער אָנגענעם געווען צו הערן וועגן דעם, וויאזוי שרײַבער פון פארשיידענע לענדער ריידן וועגן דעם סאָוועטנפארבאנד. פאר זיי איז דער סאָוועטנפארבאנד — א לײַכטטורעם, וואָס באלויכט זיי דעם וועג צו דער נײַער וועלט.

דער סאָוועטנפארבאנד איז א פאקטער פון א גוואלדיקער סאָציאַלער באדײַטונג אין אלוועלטלעכן מאסשטאב. ער ווערט א מוסטער, וועלכן מע דארף איבערנעמען. מאקס בראָד — א טשעכישער שרײַבער, דערקלערט: „איך בין ניט קיין מארקסיסט, אָבער ווען איך זע, ווי פיל עס איז אופגעטאָן געוואָרן אין סאָוועטנלאנד אין זין פון אלגעמיינע דערגרייכונגען און אין זין פון ענדערן די אידעאָלאָגיע פון מיליאָנען, קוק איך אפ אים מיט האָפענונג״. דער פראנצויז פרידמאן, רעדנדיק אפ דער טעמע וועגן מאשינעס און מענטשן, קומט צום אויספיר, אז דעם מענטשן דארף מען באפרײַען פון דער מאכט פון די מאשינעס און געבן אים א מעגלעכקײַט אָנשליסן זיך צום שאפן אינטעלעקטועלע ווערטן, ווי עס טוט זיך אין סאָוועטנפארבאנד. דער דײַטשישער שרײַבער קלאוס מאן זאָגט, אז די דערנעענטערונג צווישן פראנקרײַך און סאָוועטנפארבאנד ווערט דיקטירט „ניט בלויז

דורכ פּאָליטישע טײַמים, נאָכ אויכ דורכ קולטורעלע, אונ מיר אלע קוקנ מיט האָפענונג אפנ פסטר, ווי אפ אנ אָנשפּאר פונ שאָלעם. דער מאטעריִאליסטישער פּאטאָס, איז נײטיק פאר דער פולשטענדיקער הארמאָניע אינ דער אנטוויקלונג פונ דער מענטשלעכער פּערזענלעכ־קײַט. „דאָרט ווו עס צעשטערט דער פאשיזמ, שאפט דער סאָציִאליס־טישער הומאניזמ".

די צווישנבאציִונגען פונעמ שרײַבער אונ פונ דער געזעלשאפט, פונ דעמ שרײַבער אונ לײענער אינטערעסירנ זײער אסאכ שרײַבער פונ מײַרעוו. אָפטער אונ אָפטער ווענדנ זײ זיכ צומ סאָוועטנפארבאנד, וועלנדיק פארשטײנ, פארוואָס זײַנען דער שרײַבער אונ דער לײענער פונ סאָוועטנפארבאנד אזוי ענג צוזאמענגעוואָקסן אײנער מיטנ צווײטנ, אינדערצײַט, ווענ די איצטיקע שרײַבער פונ מײַרעוו האָבנ פארלאָרנ די פארבינדונג מיט דער מאסע לײענער. וואלדא פרענק, א פּאָרשטײער פונ אמעריקע דערקלערט, אז נאָכ לאנגע טראכטונגענ קומט ער צומ באוווסטזײַנ, אז ער, ווי א שרײַבער דארפ גײנ מיטנ ארבעטער־קלאס, ווײַל די קאָמוניסטישע פארטײ, דער אוואנגארד פונ ארבעטער־קלאס, האָט צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע באפרײַט דעמ מענטשנ.

א גרויסנ אײַנדרוק מאכט דאָס פארעפנטלעכנ אפנ קאָנגרעס דעמ לעצטנ בריוו פונ פארנ טויט פונעמ פראנצויזישנ שרײַבער לאוועל, וואָס האָט פארענדיקט מיט זעלבסטמאָרד. לאוועל ווענדעט זיכ צו די שרײַבער מיט א רופ שטעלנ זיכ אינ די רײענ פונ אנטיפאשיזמ. אײַער גורל, אײַער אָרט,—זאָגט ער—איז זײַנ אפ דער זײַט פונ סאָוועטנפארבאנד. עס פאָדערט זיכ אנ אײנהײַטלעכער פארבאנד קעגנ פאשיזמ. א ריכטיקנ וועג האָט אָנגעוויזנ לענינ. דער קאמפ קעגנ פאשיזמ וועט געפירט ווערנ אויכ אינ זײַנע טורמעס. אפ צו קעמפנ קעגנ פאשיזמ פאָדערט זיכ אנ אלגעמײנער פארבאנד פונ די קאָמוניסטנ, סאָציִא־ליסטנ, געלערנטע.

דער פראנצויזישער שרײַבער לענאָרמאנ דערצײלט, וויִאזוי דער היטלער־פאשיזמ האָט ארויסגעוואָרפנ אפנ גאס די שרײַבער פונ דײַטשלאנד. „בא זײ,—זאָגט לענאָרמאנ,—איז געווענ אפ די הענט בלויז אײנס—דער עמעס... מע דארפ טאָנ אנ ארבעט, ווענדנדיק דעמ בליק אפנ סאָוועטנפארבאנד".

אָט אזוי איז דער סאָוועטנפארבאנד אלײנ, אויסער זײַנע פּאָרשטײער, אויכ בײַגעווענ אפנ אלוועלטלעכנ שרײַבער־קאָנגרעס.

5

אָבער צווישנ די אָנטײלנעמער פונ קאָנגרעס זײַנען געווענ מענטשנ, וואָס האָבנ גע־וואָלט פארשווארצנ דעמ סאָוועטנפארבאנד, באנוצנדיק זיכ מיט דעמ, וואָס די טריבונע פונ קאָנגרעס איז געווענ פאר זײ צוטריטלעכ. די נישטיקע רעשטלעכ פונ טראָצקיזמ האָבנ זיכ באמיט אויסנוצנ די טריבונע פונ קאָנגרעס אינ זײערע צילנ. באזונדערס כאראקטעריסטיש איז געווענ די ארויסטרעטונג פונ דער טראָצקיסטנ מאדלענ פּאס. אינ איר מאָנאָטאָנער אונ לאנגער רעדע האָט זי געוואָלט פארשווארצנ די מעטאָדנ פונעמ קאמפ פונ דער סאָ־וועטנמאכט קעגנ אירע קלאסנ־סאָנימ. אינ זאל פונ קאָנגרעס זײַנען געווענ אירע קלײנ־צאָליקע אָנהענגער; זײ האָבנ געמאכט א גרויסנ טומל, אָבער האָבנ ניט איבערגעלאָזנ קײנ שומ אײַנדרוק. מאדלענ פּאס האָבנ דערווידערט די פּאָרשטײער פונ דער סאָוועטישער דעלעגאציע—טיכאָנאָוו, קירשאָנ. זי האָט גענומענ א וואָרט דרײַ מאָל, מע האָט איר גע־

געבן די פולע מעגלעכקײַט ארויסצוזאָגן זיך. דער לעצטער האָט איר שטארק און קלאָר דערווידערט אנדרע זשיד. צום שלוס האָט ער געזאָגט: „מיר געטרויען דעם סאָוועטנפארבאנד און זאָל ער וויסן, אז אונדזער צוטרוי איז ליבע צום סאָוועטנפארבאנד".

דידאָזיקע ליבע און אכטונג צום סאָוועטנפארבאנד האָט זיך ארויסגעוויזן אפן קאָנגרעס באזונדערס בוילעט יעדן מאָל, ווען אף דער טריבונע פלעגן זיך באווײַזן סאָוועטישע דעלעגאטן אָדער ביכלאל, ווען מע פלעגט דערמאָנען דעם סאָוועטנפארבאנד. די פראנצויזישע ארבעטער און די ארבעטנדיקע אינטעליגענץ האָט עס באגעגנט מיט רוישיקע אפלאָדיסמענטן. אָט פארוואָס אלע נישטיקע רייד וועגן הומאניזם אין אלגעמיין, וועגן דעם אײַנרײַס צווישן דער „מײַרעוודיקער" און דער קאָמוניסטישער קולטור, די ניט איבערצײַגנדיקע אויסגעשרייען פון די סיורעאליסטן אָדער אויבער־רעאליסטן, וואָס האָבן זיך אליין ארויסגעגעבן א פאטענט אף דעם, אז זיי פארשטייען די ווירקלעכקײַט, און פון די טראָצקיסטן, וואָס זײַנען דער אוואנגארד פון דער אלוועלטלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע—פלעגן פארטרונקען און פארשוווּנקט ווערן אין דעם מעכטיקן שטראָם שטימען און ארויסטרעטונגען פון אזוינע פיגורן פון דער וועלט ליטעראטור ווי אנדרע זשיד, הענריך מאן, אנדרע מאלראָ, אנרי בארביוס, זשאן רישאר בלאָק א. אנד.

די באדײַטונג פון קאָנגרעס איז אָן שום צווייפל א קאָלאָסאלע. פון איצט אָן באקומען די צעשטויבטע איינצלנע שרײַבער, וואָס זײַנען צעוואָרפן איבער דער גאנצער וועלט, די שרײַבער, וואָס זײַנען דערגאנגען צום פארשטיין דעם פולשטענדיקן קראך פון דער אלטער וועלט—זייער אייגענע מעכטיקע אָרגאניזאציע. זי וועט זיי אונטערהאלטן, וועט זיי געבן א מעגלעכקײַט ארויסצוטרעטן פאר דער געזעלשאפט מיט יענע ווערק, וואָס א ריי לענדער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט אפן וועג פון פאשיזם, האָבן ניט דערלאָזן זיי זאָלן דערשײַנען.

א גרויסער און ערנ־וועג וויקלט זיך פאנאנדער פארן שרײַבער, וואָס טרעט ארויס אף דער ארענע פון קאמף פאר דער נײַער וועלט, פאר דער נײַער קולטור, פאר דער נײַער מענטשלעכער געזעלשאפט, וואָס וועט ארויפווישן דעם פאשיזם.

# כראָניק

## די ביכער-פּראָדוקציע אינ ווססר

פונ העלפט 19-טנ יאָרהונדערט ביז דער רעוואָליוציע פונ 1917 י. איז דערשינענ אינ דער ווײַסרוסישער שפּראכ 244 נעמענ, פונ זיי—אפ דער טעריטאָריע פונ דער איצטיקער ווײַסרוסלאַנד 24 נעמענ.

פאר די לעצטע 15 יאָר איז אינ ווססר ארויסגעגעבנ געוואָרנ ביכער:

אינ דער ווײַסרוסישער שפּראכ—7854 נעמענ, אינ דער רוסישער—1755 נעמענ, אינ דער ייִדישער—740, פּוילישער—253, ליטווישער—77, אונ אינ אנדערע שפּראכנ—24 נעמענ.

סאכאקל איז ארויסגעלאָזנ געוואָרנ ביכער פאר די 15 יאָר—10703 נעמענ.

דער אלגעמיינער טיראזש פונ די דערשינענע ביכער אינ ווססר פאר די לעצטע 10 יאָר באטרעפט 61.316.200.

פונ דער מארקס-לענינישער ליטעראטור איז בלויז פארנ 1933—34 ארויסגעלאָזנ געוואָרנ 140 נעמענ.

## ביכער-פאָנד פונ דער צענטראלער מעלוכע-ביבליאָטעק אינ מינסק

צו דער היסטאָרישער יובליי-דאטע 15 יאָר זינט ווײַסרוסלאַנד איז באפרײַט געוואָרנ פונ די ווײַספּאָליאקנ האָבנ אלע אונטערנעמונגענ פונ ווססר פארסאכאקלט זייער ווּוקס. דערינ אויכ די קולטור-אנשטאלטנ.

די צענטראלע מעלוכע-ביבליאָטעק א. נ. לענינ האָט אָרגאניזירט אנ אויסשטעלונג וועגנ דעמ ביבליאָטעק-וועזנ אינ ווײַסרוסלאַנד אונ זייערע ביכער-פאָנדנ אונ וועגנ דעמ ווּוקס פונ דער ביכער-פּראָדוקציע אינ ווססר פאר די 15 יאָר.

דער ביכער-פאָנד פונ דער מעלוכע-ביבליאָטעק אינ מינסק האָט אינ 1921—1922 י. באטראָפנ 87 טויזנט בענדער, צומ 1935 י. פארמאָגט די ביבליאָטעק א פאָנד פונ 1 מיליאָנ 400 טויזנט בענדער.

## וואָס איז דערשינענ וועגנ 15 יאָר באפרײַונג פונ ווײַסרוסלאַנד

★ צומ 11-טנ יול איז דערשינענ א ספּעציעלער נומער „באָלשעוויק בעלארוסי". (10—11).

דער נומער פארמאָגט א רײַכנ מאטעריאל וועגנ דעמ ווּוקס פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אינ ווססר. א גרויסנ היסטאָרישנ מאטעריאל, וואָס שילדערט דעמ קאמפּ פונ דער רויטער ארמיי מיט די ווײַספּאָליאקנ, וועגנ דער פארטיזאנישער באוועגונג אינ ווײַסרוסלאַנד, וועגנ דער אונטערערדישער ארבעט פונ די קאָמוניסטנ בײַמ דער פּוילישער אָקופּאציע.

א ריי אינטערעסאנטע מעמוארן פונעם קאמפ קעגן די ווײַספּאָליאקן. דער נומער איז רײַך איליוסטרירט.

דער פּארטיי־פארלאג און דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סעקטער פון מעלוכע־פארלאג פון ווײַסרוסלאנד האָבן ארויסגעלאָזן א ריי ביכער געווידמעט דער היסטאָרישער דאטע פון 11־טן יול.

★ ווססר די אָרדענטרעגערישע—ווענן ווײַסרוסלאנד אמאָל און הײַנט. סאָצ. עק. סעק־טער. מינסק 1935 י. (אפ ווײַסרוסיש און ייִדיש).

★ ו. קנאָרינ—אָנמערקונגען צו דער געשיכטע פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט אין ווײַסרוסלאנד (אין רוסיש) מינסק. פארטיי-פארלאג.

★ ס. פירינ—„רויטע פארטיזאנער"—געשיכטע פון בירגער־קריג (דערינערונגען וועגן פארטיזאנישן אָטריאד א. נ. ראָזע ליוקסעמבורג), ארויסגעגעבן דורכן אינסטיטוט פאר גע־שיכטע פון פארטיי און אָקטיאבער־רעוואָליוציע באם צ.ק. ק.פ.(ב)וו. מ.פ.וו. מינסק. 1935 י.

★ י. גערשאָנ—דער קאָמיוגיסט פינקע—פון דער געשיכטע פונעם קאמפ פון באָב־רויסקער קאָמיוג מיט די פוילישע אָקופאנטן (אין ווײַסרוסיש און ייִדיש).

★דער פארלאג לאָזט ארויס אין ייִדיש א זאמלבוך „סאָוועטישע ווײַסרוסלאנד" אונטער דער רעדאקציע פון די כ"כ אי. כאריק און י. בראָנשטיינ. אינעם זאמלבוך זײַנען פאר־טראָטן א גרויסע צאָל פּראָזאיִקער און דיכטער.

## יובילײ-אָוונט פון זשורנאל „שטערנ"

דעם 29-טן יונ איז אינעם גרויסן זאל פון פארטאקטיוו אין מינסק פאָרגעקומען די יובילײ-פײַערונג פון זשורנאל „שטערנ". בא א פול געפאקטן זאל האָט געעפנט דעם אָוונט—געווידמעט דעם 10-יאָריקן יובילײ פון „שטערנ", דער געהילפ-פּאָרזיצער פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווײַסרוסלאנד—דער דיכטער אנדריי אלעקסאנדראָוויטש. אין זײַן אינטערעסאנטער רעדע באטאָנט ער, אז די יובילײ-פײַערונג פון זשורנאל „שטערנ" איז איינע פון די זיגן פון דער לענינישער-סטאלינישער נאציאָנאלער פּאָליטיק. אין פּרעזידיום זײַנען אײַנגעלאדן די ייִדישע און ווײַסרוסישע שרײַבער פון מינסק. בא א שטורמישער אוואציע איז אויסגעקליבן געוואָרן אן ערן־פּרעזידיום פון די כ"כ סטאלינ, קאהאַנאָוויטש, גיקאלאָ, גאָלאָדעד, טשערוויאקאָוו, גאָרקי. די פײַערלעכע פאר־זאמלונג האָט געשיקט באגריסונג־טעלעגראמעס דעם כ' סטאלינ, דעם צק קפּ(ב)וו און ראטספּאָלקאָם ווססר—די כ"כ גיקאלאָ און גאָלאָדעד, גאָרקען און ראָמענ דאָלאנען.

מיט א פּאָרטראג וועגן 10 יאָר ארבעט פון זשורנאל „שטערנ" איז ארויסגעטראָטן דער כ' כאריק (פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער פון זשורנאל „שטערנ"). דער כ' כאריק שטעלט זיך אָפּ וועגן דער גרויסער ארבעט פון זשורנאל „שטערנ" פאר די 10 יאָר. אין הינזיכט פון דערציִען און גרופירן ארום זיך די בעסטע שרײַבער־קאדרען, סײַ פון די על־טערע אזוי אויך פון די ייִנגערע. ער באטאָנט דעם פאקט, וואָס דער זשורנאל „שטערנ" האָט פאר די 10 יאָר אָפּגעדרוקט אפ זײַנע זײַטלעך די באדײַטנדיקסטע ווערק פון דער ייִדישער ליטעראטור און אויך דאָס, וואָס דער „שטערנ" האָט געווידמעט אן אָנגעזעענעם אָרט פאר די ברידערלעכע ליטעראטורן פון אונדזער פארבאנד, באזונדערס פון דער ווײַסרו־סישער ליטעראטור. אין זשורנאל „שטערנ"—שטרײַכט אונטער דער כ' כאריק—האָבן זיך געדרוקט א ריי רעוואָליוציאָנערע שרײַבער פון אויסלאנד.

נאָך דעם האָבן א ריי ווײַסרוסישע און ייִדישע שרײַבער געלייענט זייערע ווערק.

# אינהאלט:






פאראנטוואָרטלעכער רעי קטער—איזי כאריק
רעדקאָלעגיע: ז. אקסעלראָד, ג. אָשעראָוויטש, אָ. בער, י. בראָנשטיינ, א. דאמעסעק,
אי. כאריק, מ. קולב..ק, ל. ראָזענהויז.

באשטעלונג 689. דרוקערייַ א. נ. סטאלינ—מינסק. גלאווליטבעל 2,500

ЗМЕСТ

פרײַז 1 ר. 50 ק.

614

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.